
א בוים
וואָס ניט
פֿאַר־
פֿלאַנצ־
טערהייט
טראָגט
ער די
לאַסט
אַף זיך
פֿון
בליען
און פֿון
וואַקסן
מע
לאַקט
אים.
מע
פֿאַר־
ניכט
אַף אים
ן מע
גייט.
נאַר
אויס־
האַקן
מע קאָן
אים ניט

פרץ מארקיש / למחוללת יהודיה
צו אַ יידישער טענצערין

פאַר אײַך ליבע לאה און מרדכי,
צו אײַער זילבערנער חתונה,
מיט מזל-ברכה און הצלחה;
די ערשטע טיף-נאַציאָנאַלע פּאָעמע —
אויסגעווייטיקט אין פּײַן, אין צער,
מיט געטלעכער קראַפט.
— זײַן פֿאָלקס-עפּאָפּעע —
דער טראַגישער און דער העלדישער
גורל פֿון זײַן ייִדיש פֿאָלק.
ה׳ ינקום דמו.

מיט נאָענטקייט
שפרה קרישטאַלקע

מאָנטרעאַל, כו אב, תשל״ט, 19 אויגוסט, 1979.

פרץ מארקיש

# לְמְחוֹלֶלֶת יְהוּדִיָּה

פואמה

עברית: חנוך קלעי

הוצאת מסדה בע"מ

פרץ מארקיש

# צו אַ יידישער טענצערין

פאעמע

הוצאת מסדה בע"מ

פ ר ץ  מ א ר ק י ש – נולד ב־1895 בפולנאה, ווֹלין; הוצא להורג בכלא בברית־המועצות ב־12 באוגוסט 1952 – הוא מן האישים המרכזיים בספרות יידיש בבריה״מ, יוצר פורה בשיר, במחזה וברומן. ראשיתו הספרותית ברוסיה – ב־1917, ועד מהרה כבש לו מקום כליריקן המבַטא את הנטיוֹת המודרניות בשירת יידיש. בשנים 1921־1928 עשׂה בוַרשה ובמרכזי אירופה שונים, ואף ביקר בארץ־ישׂראל. יצירותיו ״די קוּפּע״, ״סתם״ ועוד, שכתב באותן שנים, העמידוהו בשורה הראשונה של משוררי האַוַנגארד בספרות יידיש. היה ממייסדי ה״ליטעראַרישע בלעטער״ ומעורכי ה״כאַליאַסטרע״. ב־1928 חזר לבריה״מ, שם הִרבה לפרסם שירים, מחזות וסיפורים. מן המצוינים שבהם: הפואמה ״ברידער״ (״אחים״, 1929), הרומן ״דוֹר אוֹיס דוֹר אַיין״, 1929־1941 (עברית: א׳ מייטוּס, ״דור הולך דור בא״, א׳־ב׳, 1962 – וזה ספרו היחיד שתורגם עד כה לעברית), קובץ השירים ״פאַרקלעפּטע ציפערבלאַטן״ (״לוחות שעון מודבקים״, 1929), ועוד. גם בשנות מלחמת־העולם השנייה הִרבה לכתוב. שירתו רבת־העָצמה ואהבתו לעמו מוצאות את ביטויין העז בפואמה האֶפּית הגדולה ״מילכאָמע״ (״מלחמה״), המכילה עשׂרים אלף שורות ויותר.

בעזבונו רוֹמָנים, מחזות, רשימות ודברי שיר, מהם פורסמו, ב־1959, בבּוּאֶנוֹס־אַיירֶס הפואמה הבלתי־גמורה שלו ״ירושה״

וב־1966 הרוֹמַן ״טראָט פון דוֹירעס״ (״מצעד הדורות״), שעניינו העם המושמד, ונושׂאו – מרד גטו וַרשה.

את הפואמה ״צוּ אַ יידישער טענצערין״ (״למחוללת יהודיה״) כתב פרץ מארקיש ב־1940, זמן־מה לאחר פלישת הגרמנים לפולין. המחוללת המעונה והנרדפת מסמלת את מגילת הסבל של העם היהודי וגורלו. רוחו הנסער של המשורר, החורט בציפורן־שמיר פרקי סבלו של העם, יוצק בשירתו זו, ברוחה ובסגנונה, גם אופטימיות רבה, מביע בה אמונתו בכוחו היוצר של העם, בנצחונו של הטוב על הרע, ומעלה את התקווה בעתיד מאיר וטוב יותר.

בעת הידידות בין סטַלין והיטלר, לאחר חתימת ההסכם הגרמני־הסובייטי, מנעה הרשות הסובייטית את הוצאתה־לאור של הפואמה, שלא להרגיז את בעל־בריתה. גם לאחר המלחמה, כשהחלו הרדיפות על התרבות היהודית בבריה״מ, נגנזה הפואמה על־ידי הצנזורה הסובייטית כיצירה לאומנית.

בהוצאה מיוחדת זו שלפנינו, הפואמה ״צוּ אַ יידישער טענצערין״ רואה כעת אור לראשונה בשפת המקור ובתרגום לעברית.

אֲנִי הַגֶּבֶר רָאָה עֳנִי
א י כ ה  ג׳ א׳

א

אַזעלכע בליציקע — זיך טראָגן דײַנע פיס
אין לײַכטן כלה־טאַנץ אין שעמוודיקן דײַנעם,
ווי ס׳וואָלטן מעסערס זיך געוואָרפן און געגריסט
און מיט די שארפן זיך געוואָרגן און געטעגהט.

געוועלבטע בושעווען די פאַלדן פון דײַן קלייד
מיט אַ פאַרכאַפּנדיקן כוואַלישן געהויער,
ווי ס׳וואָלט אַ ווינד נאָך דיר געיאָגט און דיך באַגלייט,
און דיך פאַרנאַרט, און דיך פאַרכשופט מיט זײַן טרויער —

און ס׳איז אַ באַרג, און ס׳איז אַן אָפּגרונט, און אַ שניי,
און אויפן שפּיץ — איבערן אָפּגרונט — אַ געראַנגל.
— זאָלסט נישט אַראָפּפאַלן — כ׳באַשווער דיך מיט דעם וויי
פון נע־ונד און פון לאַנגאָנענדיקן וואַנדל!

עפּעס פאַרטייען זיי אין טאַנצן, דײַנע פיס,
נאָר אין דער זילבערנער אַנטבלויזקייט בלענדט דער פֿײַן אויף,
ווי ס׳וואָלטן בליצן זיך געוואָרפן און געגריסט
און מיט שאַרפן זיך געוואָרגן און געטעגהט.

## א

בִּרְקֵי־בְרָקִים רָצִים – רַגְלַיִךְ נִשָּׂאוֹת
בִּמְחוֹל־כַּלָּה שֶׁלָּךְ, מָחוֹל קַלִּיל, בַּיְּשָׁן כֹּה,
כְּאִלּוּ סַכִּינִים קוֹפְצוֹת וּמִתְבָּרְכוֹת,
וְחֶרְפוֹתָן הַמִּשְׁתַּנְּקוֹת טְעָנוֹת תִּטְעַנָּה.

קְמוּרִים יִשְׁתּוֹלְלוּ קְפָלִים שֶׁל שַׂלְמָתֵךְ
וְעַרְבָּלְתָּן הַנַּחְשׁוֹלִית עוֹצֶרֶת נֶשֶׁם
כְּאִלּוּ רוּחַ יְרַדְּפֵךְ אַף יְלַוֵּךְ,
בָּךְ יְתַעְתַּע, וּבִיגוֹנוֹ יְכַשְּׁפֵךְ כֶּשֶׁף.

לְרֶגַע הַר, לְרֶגַע תְּהוֹם, וְשֶׁלֶג צָחוֹר,
וְעַל פִּסְגָּה – עַל פִּי הַתְּהוֹם – אַתְּ מִתְגּוֹשֶׁשֶׁת.
– אַל־נָא תִּפְּלִי – אוֹתָךְ אַשְׁבִּיעַ בַּמַּכְאוֹב
שֶׁל נָע־וָנָד וְשֶׁל גָּלוּת הַמִּתְמַשֶּׁכֶת.

דְּבַר־מָה רַגְלַיִךְ בְּמָחוֹל זֶה מַסְתִּירוֹת
אַךְ בְּמַחְשׂוֹף־הַכֶּסֶף יְסַנְוֵר סִבְלָן כֹּה,
כְּלוּ שְׁנוּנֵי בְרָקִים קוֹפְצִים, שׁוֹלְחִים בְּרָכוֹת,
וְחֶרְפוֹתָם הַמִּשְׁתַּנְּקוֹת טְעָנוֹת תִּטְעַנָּה.

ב

– וווהין באַגלייט ער דיך, דער ווינד און דער פּאַרוויי?
וווהין פאַריאָגט דער נע־ונד אין אַזאַ נאַכט דיך?
אַ זאַווערוכע איז אין דרויסן און אַ שניי,
און טיר־און־טויער אומעטום זיינען פאַרשפּאַרטע...

מיר דאַכט זיך אויס, אַז מען האָט דיך קינדווייז נאָך פאַרקנסט
מיט דעם פאַרזעסענעם און הפקרדיקן טרויער:
אַ יעדע נאַכט קומט ער צו גיין צו דיר צו גאַסט
און ער באַטרינקט דיך מיט זיין אוראַלטן געלויער,

זאָלסט מיט אים אומגיין – ווו אַ וועג און ווו אַ שוועל,
זאָלסט ביי דער האַנט אים פירן טאַנצנדיק און הייטער.
– הייבן די פיס דען זיך ניט, קאָרטשענדיק פון קעלט?
הייבן די פיס דען זיך ניט קאָרטשענדיק אויף שייטערס?

איצט בריט די ערד דיך, ווי אַ שייטער, מיט איר גאָב
און פונעם הימל טוט די קעלט איצט אויף דיר אָן זיך,
ווי פאַר אַ חלף שטיל פאַרוואָרפן איז דיין קאָפּ
און דיינע וואַנדער־פיס די וויינענדיקע בלאָנדזשען...

ב

לְאָן זֶה יְלַוֵּךְ הָרוּחַ הַנּוֹשֵׁב?
לְאָן זֶה יְרַדְּפֵךְ הַנָּע־וָנָד בַּלַּיְלָה?
בַּחוּץ סוּפָה עַזָּה וְשֶׁלֶג מִתְגַּבֵּב,
כָּל דֶּלֶת וְכָל שַׁעַר כְּבָר נִנְעָלוּ...

נִדְמֶה לִי כִּי אֲרֻשׁוּךְ בְּעֶצֶם יַלְדוּתֵךְ
לְזֶה יָגוֹן נוֹשָׁן, בְּהֶפְקֵרוּת יוֹקֵד עוֹד;
הוּא לַיְלָה־לַיְלָה בָּא אֵלַיִךְ וּפוֹקְדֵךְ
וּמַשְׁכִּירֵךְ בְּמַאֲרָבוֹ מֵאָז־מִקֶּדֶם,

שֶׁתְּהַלְּכִי עִמּוֹ אֶל כָּל מִפְתָּן, כָּל דֶּרֶךְ,
שֶׁתּוֹלִיכִיהוּ בְּיָדֵךְ בְּרֹן וּרְקֹד.
– הֲלֹא תְּרוֹמְנָה הָרַגְלַיִם, בְּהִתְכַּוְּצָן מִקֹּר וָקֶרַח?
הֲלֹא תְּרוֹמְנָה הָרַגְלַיִם, בְּהִתְכַּוְּצָן מִיקוֹד?

עַתָּה תַּכְוֵךְ הָאָרֶץ, כְּמוֹקֵד, בְּמַתָּתָהּ,
וּמֵרָקִיעַ תִּתְלַבֵּשׁ קָרָה עָלַיִךְ.
רֹאשֵׁךְ כְּמִמַּאֲכֶלֶת חֶרֶשׁ יֵרָתַע
רַגְלֵי־הַנְּדוֹד הַבּוֹכִיּוֹת שֶׁלָּךְ יִתְעָיוּ...

ג

נעם אים אַרום, דעם טרויער, בײַ דײַן שוועל,
פיר, ווי אַ בלינדן, פאַר דער האנט אים דער פאַרשעמטער —
ער קער אַן אײגענער זיך אָן דער גאַנצער וועלט
און יעדן איינציקן באַזונדער ז׳ער אַ פרעמדער.

אויך איצט פאר אים די זון אין מזרח זיך צעפלאַקערט,
די וועגן אײַלן זיך באַגעגענען אים — גיי!
אין יעדן לאַנד איז ער אַדורכגאַן מיטן אַקער,
אין יעדן לאַנד האָט מען געשניטן זײַן פאַרזיי,

אין יעדן לאנד דערקאָנען אים די שטערן
און בערגלעך אַש ווו ער האָט לעבעדיק געברענט;
עס וועלן טײַכן ניט פאַרלייקענען די טרערן
פון שטילע מאַמעס מיט די קינדער אויף די הענט.

איז טרינק זיך אָן, ווי פון אַ ברונען, מיט זײַן וויי,
טאַנץ אויס אויף פלעצער אים, אויף גאַסן און אין הײַזער,
פיר פאר דער האַנט — אַ שטאָלצע — אים, און גיי,
נאָך ניט געענדיקט איז די טרויעריקע רייזע...

ג

חַבְּקִי אֶת הַיָּגוֹן עַל הַמִּפְתָּן,
נְחִיהוּ, כְּעִוֵּר, בְּכַף־יָדוֹ נִכְלֶמֶת –
הוּא חָשׁ עַצְמוֹ שַׁיָּךְ לִמְלֹא כָל הָעוֹלָם
וּלְכָל אָדָם לְחוּד נָכְרִי וָזָר הִנֵּהוּ.

הַשֶּׁמֶשׁ גַּם עַתָּה מַפְצַעַת בַּמִּזְרָח לוֹ,
וְהַדְּרָכִים אָצוֹת לִפְגֹּשׁ אוֹתוֹ – לְכִי!
הֵן מַחְרַשְׁתּוֹ בְּכָל הָאֲרָצוֹת פָּלָחָה
וּבְכֻלָּן קָצְרוּ מַה שֶּׁזָּרַע בִּבְכִי.

וּבְכֻלָּן יַכִּירוּ אוֹתוֹ כּוֹכְבֵי־שָׁמַיִם
וְתִלֵּי אֵפֶר בַּאֲשֶׁר שָׁם חַי יָקַד;
לֹא יַכְחִישׁוּ נְהָרוֹת דִּמְעוֹת־עֵינַיִם
שֶׁל אִמָּהוֹת דָּמְמוּ עִם יַלְדָּן עַל יָד.

וּבְכֵן, אֶת מַכְאוֹבוֹ, כְּמוֹ מִבְאֵר, גִּמְעִי,
רִקְדִיהוּ בְּכָל כִּכָּר וּרְחוֹב וּבַיִת,
נְחִי בַּיָּד – גֵּאָה – אוֹתוֹ וּלְכִי,
מַסַּע הָעֶצֶב לֹא נִגְמַר עֲדַיִן.

ד

באַקלאָגט דער ים זיך דען אַ מאָל אין זַיין געברום?
באַדאַרף אַ ווינט דען אין זַיין בלאָנדזשעניש אַ האַפן?
אַרויסגעריסן פון מַיין האַרץ האָט זיך די רו,
אַוועקגעפלויגן ווי די גינגאָלדענע פאַווע...

כ׳וואָלט אפשר צובינדן באַדאַרפט זי צו אַ בוים,
ווי אונדזער ציג מ׳האָט צו אַ בוימל צוגעבונדן.
נאָר איז די ציג דען ניט אַנטלאָפן פון דער היים
און איז די היים ערגעץ אַליין דען ניט פאַרשוווּנדן?

געווען אַ ציג... אַזאַ מין צוגעלאָזטע ציג...
האָט איר פאַרגלוסט זיך ראָזשינקעס מיט מאַנדלען...
געטאָן עס האָט זי מיט אַ מאָל ערגעץ אַ צי —
האָט עמעץ אַיינהאַלטן געקאָנט זי אין דער האַנט דען?

פון אַלץ געבליבן איז מיר בלויז אַ ליד אַליין,
איך זוך זיי אַלע אין מיין בלאָנדזשעניש אָן אויפהער;
איך גיי זיי נאָך, איך זאָג זיי שפּרוכן אַלערליי
און כ׳קאָן מיט גאָרניט זיי צוריק צו זיך פאַררופן...

ד

הֲיִתְלוֹנֵן אֵי־פַּעַם יָם בְּנַהֲמוֹ?
הֲיַעֲרֹג בִּתְעִיָּתוֹ הָרוּחַ חוֹפָה?
מִתּוֹךְ לִבִּי הַמְּנוּחָה תָלְשָׁה עַצְמָהּ,
כְּדוּכִיפַת־הַפָּז פָּרְחָה וְעָפָה...

אוּלַי צָרִיךְ הָיִיתִי לְקָשְׁרָהּ לְעֵץ,
כְּדֶרֶךְ שֶׁנִּקְשַׁר הַגְּדִי הַצַּח אֶצְלֵנוּ.
הֲלֹא בָּרַח הַגְּדִי, אִוָּה לְהִתְרוֹצֵץ,
הֲלֹא נֶעְלַם אֲפִלּוּ אֵי־בָזֶה בֵּיתֵנוּ!

הָיָה אָז גְּדִי... גְּדִי רַךְ וְטוֹב כָּל־כָּךְ...
שְׁקֵדִים וְצִמּוּקִים הָיוּ לוֹ צֹרֶךְ...
לְפֶתַע אֵי־לְשָׁם בְּעֹז נִמְשַׁךְ —
הֲכִי יָכוֹל אָז מִי אוֹתוֹ לַעְצֹר עוֹד?

הֵן מִן הַכֹּל לִי רַק הַשִּׁיר נִשְׁאַר.
בִּתְעִיָּתִי בְּלִי־הֶרֶף אֲחַפְּשֵׂם כֻּלָּמוֹ;
וְאַחֲרֵיהֶם אֵלֵךְ וּמְשָׁלִים אֹמַר,
אַךְ לֹא אוּכַל לַהֲשִׁיבֵם אֵלַי בִּמְאוּמָה...

ה

אַ שפּרוך וועגן אַ ציג, וואָס איז אַוועק ערגעץ געהיים,
אַדורכשנײַדן אַ וועג פון לאַנד צו לאַנד זיך.
ניין, ניט געווען די ציג געבונדן צו קיין בוים,
ווייל ניט געהאַט קיין בוים האָט ווו זיך צו פאַרפלאַנצן.

אַ שפּרוך וועגן אַ בוים, וואָס ניט פאַרפלאַנצטערהייט
טראָגט ער די לאַסט אויף זיך פון בליען און פון וואַקסן;
מע לאָקט אים, מיט פאַרניכט אויף אים מע גייט,
נאָר אויסהאַקן מען קאָן אים ניט ווי שאַרף ס׳זאָל ניט די האַק זיין!

אַ שפּרוך וועגן אַ האַק, וואָס איז פאַרמאָסטן אויף דיין האַלדז,
ווייל ס׳שטייגט פון אים אַ קאָפּ די זון אַריבער;
אָט האָסטו אים, מיין ברויט! אָט האָסטו זי, מיין זאַלץ!
אָט האָסטו זי, מיין היים — מיין אויפגעריכטע ליבע!

אַ שפּרוך וועגן אַ היים, וועגן אַ חלום פון אַ היים,
ס׳זאָל מער ניט זיין פון ווו געיאָגט צו ווערן;
מיט לייב מיינעם פאַר איר געקנאָטן כ׳האָב די ליים
און אָנגעזאַפּט די ליים מיט ליכטיקייט פון שטערן...

ה

מְשַׁל הַגְּדִי, אֲשֶׁר בַּסֵּתֶר אֵי־לְשָׁם קִפֵּץ,
פִּלֵּס לוֹ שְׁבִיל מֵאֶרֶץ אֱלֵי אָרֶץ.
לֹא, לֹא הָיָה הַגְּדִי קָשׁוּר אֱלֵי שׁוּם עֵץ,
כִּי לֹא הָיָה לָעֵץ מָקוֹם לְהִתְעָרוֹת בּוֹ.

מְשַׁל הָעֵץ, אֲשֶׁר בְּלֹא שֶׁנִּתְעָרָה
יִשָּׂא מַשָּׂא זֶה שֶׁל שִׂגְשׂוּג־פְּרִיחָה כְּטֶנֶא;
מוֹשְׁכִים אוֹתוֹ, לְכַלּוֹתוֹ גָּזְרוּ גְּזֵרָה,
אַךְ הַשָּׁחוּז בַּגַּרְזְנִים לֹא יִכְרְתֶנּוּ.

מְשַׁל גַּרְזֶן, עַל צַוָּארֵךְ נָטוּי לָךְ,
כִּי מֶנּוּ רֹאשׁ עוֹלֶה לְמַעְלָה מֵחַמָּה,
הִנֵּה לָךְ, זֶה לַחְמִי! הִנֵּה לָךְ, זֶה הַמֶּלַח!
הִנֵּה בֵיתִי, אַהֲבָתִי הַמְקוֹמָמָה!

מְשַׁל הַבַּיִת, עֲלֵי בַּיִת הַחֲלוֹם,
שֶׁלֹּא יְהִי מֵאַיִן הֶרְדֵּף עוֹד הָלְאָה;
בְּמוֹ גוּפִי הַחֹמֶר לַשְּׁתִי בִּשְׁבִילוֹ,
הִרְוֵיתִי אֶת הַחֹמֶר זֹהַר כּוֹכְבֵי־מַעְלָה...

ו

געווען איז אויסגעלאָשן אומעטום די שײַן,
אַ שײַן געזעצט האָט פון די קני דײַנע די װײַסע,
װען ביסט אין װאָלקנדיקן כּלה־קלײד אַרײַן
און װען דײַן טרויער האָט געגעבן אַ צערײַס זיך.

מיט אַזאַ ריס, ערגעץ אויף שפּיצן פון געבערג
טראָגט זיך אַ פויגל דורך דערשפּירנדיק געיעגן:
– װוּ האָסטו יאָגנדיקע טריט נאָך זיך דערהערט?
ס׳האָט בלויז מײַן האַרץ געטאָן אַ פּאַל – אונטערגעזעגן.

בײַנאַכט געעפנט האָט זיך שטיל אַלײן מײַן טיר,
די רו געשטאַנען בײַ דער שװעל איז מיט אַ קלומעק
און זיך געװעגדט: – איך געזעגן זיך מיט דיר,
איך גײ אַװעק און מער װעל איך ניט קומען...

אין שטוב איז שטיל געװען. געפרעגט האָב איך בײַ איר:
– װאָס נעמסטו מיט אין װעג מיט זיך דעם קלומעק?
האָט זי אַ קוק געטאָן ניט קוקנדיק אויף מיר:
– איך האָב דײַן האַרץ אין װעג זיך מיטגענומען!...

ו

בְּכָל מָקוֹם הָיָה הָאוֹר כָּבוּי כָּלִיל,
אֲבָל הַזִּיו הִבְהִיק בְּעֹז מִצְּחוֹר בִּרְכַּיִךְ,
כַּאֲשֶׁר נִכְנַסְתְּ בְּעַב־עֲנַן־שַׂלְמַת־כְּלוּלוֹת,
כַּאֲשֶׁר זֶה פֶּרֶץ יְגוֹנֵךְ בְּכֹחַ רַב הִבְקִיעַ.

בְּכֹחַ שֶׁכָּזֶה, אֵי־שָׁם עֲלֵי פִּסְגּוֹת הָרִים
יִפְרֹץ לוֹ עוֹף לְעֵת יָחוּשׁ כִּי יִרְדְּפוּהוּ.
– אַיֵּה שָׁמַעַתְּ אַחֲרַיִךְ צַעֲדֵי רוֹדְפִים?
רַק לְבָבִי נָפַל – כְּמוֹ נִסְּרוּהוּ.

בַּלֵּיל דַּלְתִּי אַט אַט לָהּ נִפְתְּחָה,
הַמְּנוּחָה עַל סַף עִם תַּרְמִילָהּ נִצָּבָה
וַתֶּפֶן: בָּאתִי פֹּה לְהִפָּרֵד מִמְּךָ,
אֵלֵךְ לִי הָלְאָה־הָלְאָה, לֹא אָשׁוּב עוֹד...

בַּחֶדֶר דּוּמִיָּה. אוֹתָהּ אֶשְׁאַל אֲזַי:
– עַל מָה תִטְלִי אִתָּךְ אֶת הַתַּרְמִיל בַּדֶּרֶךְ?
הָעֲיֵפָה הִיא מַבָּט, בְּלִי לְהַבִּיט עָלַי:
– לָקַחְתִּי אֶת לִבְּךָ אִתִּי לַדֶּרֶךְ!...

ז

ס׳ברענט אויף פון קלייד דײַנעם דער פלאַטערדיקער לײַן
אונטער דעם פייער פון די קני דײַנע הוילע,
נאָר דײַנע ברעמען דעקן שעמעוודיק זיי איין,
נאָר דײַנע אויגן זיי מיט ליכטיקייט פאַרהוילן.

– ווי וועבט מען אײַן זיך אין דעם שטראַלנדיקן קנויל
און ווי דעם אָנהייב און דעם סוף פונאַנדערקניפּן?
כ׳קאָן זיך קיין עצה גאָר ניט געבן מיט דײַן מויל,
כ׳קאָן ניט אַריבערגיין דעם שניט פון דײַנע ליפּן!

מיר דאַכט: איך הער ווי ערגעץ וואַלגערן זיך פעלזן,
ווי טײַכן טראָגן זיך אַריבער יעדער צאַם,
זיי גיסן הילכיק דאָרט צוזאַמען אַזוי העל זיך,
און יאָגן, פריידיקע, זיך אָפּגעבן דעם ים.

– לאָזן זיי גיין! לאָזן זיי אײַלן מיט געהויל!
דער ים אַליין גייט איצט די גרענעצן אַריבער.
אַז כ׳קאָן קיין עצה זיך נישט געבן מיט דײַן מויל
און כ׳קאָן נישט איבערגיין דעם שניט פון דײַנע ליפּן...

ז

הַכַּד הַמִּתְנַפְנֵף שֶׁל שִׂמְלָתֵךְ יַעֲלֶה
בְּאֵשׁ בִּרְכַּיִךְ אֶל שֶׁהִתְעַרְטֵלוּ.
אַךְ גְּבִינַיִךְ יְכַסּוּן בְּהִכָּלֵם,
עֵינַיִךְ יַעֲלִימוּן בָּאוֹר אֲשֶׁר יָהֵלּוּ.

אֵיךְ יֵאָרֵג אָדָם בְּפְקַעַת זֹהַר זוֹ,
וְאֵיךְ רֵאשִׁית וְאַחֲרִית תֵּתַּרְנָה?
עֵצָה כְּנֶגֶד פִּיךְ הֵן לֹא אוּכַל לִמְצֹא,
עַל־פְּנֵי חִטּוּב שְׂפָתַיִךְ לֹא אוּכַל־אֶעֱבֹרָה!

דּוּמֶה: אֶשְׁמַע סְלָעִים אֵי־שָׁמָּה יִתְגּוֹלֲלוּ,
וּנְהָרוֹת פּוֹרְצִים כָּל סֶכֶר, כָּל גָּדֵר.
בְּרַעַשׁ יַחַד יִשְׁתַּפְּכוּ שָׁם, יִצְטַלֲלוּ,
יָאוּצוּ בְּשִׂמְחָה לַיָּם לְהִתְמַסֵּר.

– יֵלְכוּ לָהֶם! בְּנַהַם רָם יָאוּצוּ כֹּה!
הַיָּם עַצְמוֹ עוֹבֵר עַתָּה כָּל גְּבוּל הוּשַׂם לוֹ.
עֵצָה כְּנֶגֶד פִּיךְ הֵן לֹא אוּכַל לִמְצֹא,
וְלֹא אוּכַל עֲבֹר עַל־פְּנֵי חִטּוּב שְׂפָתַיִךְ...

ח

עס איז שוין שפּעטער טאָג. דער רוים איז ווידער קלאָר,
און פונעם הימל גייט נאָך אַלץ ניט אָפּ דער מולד.
פון צורירן מיט ליפּן זיך צו דײַנע האָר
באַדעקט מיט גאָלד קאַיאָריקס זיך מײַן מויל האָט.

דער טאָג אַלץ נעענטער און נעענטער גענענט –
איז מיר דען ווייניק ליכט? צי ס׳פעלט מיר איצט דען שײַן נאָך?
נאָך ליכטיק זײַנען מײַנע בלאָנדזשענדיקע הענט
פון צולייגן זיי צאַרט צו לײַב צו דײַנעם.

עס דרייען פייגל אַרום מיר זיך מיט פאַרטרוי,
זיי גריסן אַלע זיך צו מיר ווי מײַנע ברידער.
באַטרונקען מיט דײַן אָטעם ווי מיט טוי
האָבן פונס׳ניי צעבליט זיך מײַנע לידער...

נאָר ס׳שלייפט דער מולד זיך אין דער׳הויך ווי פאַר געפּעכט,
עס קאָן קיין מעסער שוין ניט שלײַפן זיך געטרײַי מער.
האָסט אַלץ געזען; אויב ס׳קומט מיך שעכטן – שעכט!
ניטאָ קיין גורל אויף דער ערד קיין זיסערער פון מײַנעם!

## ח

הַיּוֹם עָלָה בָּרוֹם. בָּהִיר שׁוּב הֶחָלָל,
אַךְ לֹא נֶעְלַם עֲדַיִן הַמּוֹלָד בַּשַּׁחַק.
עִם שֶׁנָּגְעוּ שְׂפָתַי בִּשְׂעָרֵךְ שֶׁלָּךְ,
אָז פִּי שֶׁלִּי כֻּסָּה בִזְהַב־הַשַּׁחַר.

הַיּוֹם שׁוֹקֵעַ. חֲשֵׁכָה תִפְשֹׁט –
הֲכִי יִמְעַט הָאוֹר לִי? הַעוֹד יֶחְסַר לִי נֹגַהּ?
הֵן עוֹד אוֹרוֹת כַּפּוֹת־יָדַי הַגּוֹשְׁשׁוֹת
בְּהַנִּיחִי אוֹתָן עֲלֵי גוּפֵךְ בְּרֹגַע.

סַבּוּנִי בְּאֵמוּן הַצִּפֳּרִים מֵעָל,
כֻּלָּן כַּאֲחָיוֹת בֵּרְכוּנִי יַחַד.
שִׁכּוֹר מִנְּשִׁימָתֵךְ כְּמוֹ מִטַּל
שִׁירַי שֶׁלִּי שׁוּב מֵחָדָשׁ פָּרָחוּ...

אַךְ הַמּוֹלָד בָּרוֹם כְּמוֹ לְקֶרֶב נִשְׁחַז,
בְּיֶתֶר אֹמֶן לֹא תֻשְׁחַז סַכִּין עֲדַיִן.
הַכֹּל רָאִיתָ; אִם נִגְזַר – אָז שְׁחַט!
גּוֹרָל מָתוֹק מִגּוֹרָלִי בָּאָרֶץ אַיִן.

ט

צי כ׳האָב געזייט, צי כ׳האָב געשניטן — ווער וועט עס דערמאָנען?
צי אויפגעגאַן עס איז האָט עמעצער געטראַכט?
נאָר ס׳קומען שאָטנס שוואַרצע שטײַער בײַ מיר מאָנען,
זיי לאָזן אומבאַמערקט אַראָפּ זיך נאַכט נאָך נאַכט.

ווי זײַלן רויך געדיכטע פון אַ שׂריפה
זיי טרײַבן מיך מיט אויסגעשטרעקטע הענט.
נאָר ניט זיי לאָזן מיך אין ערגעץ ניט אַנטלויפן
און ניט זיי לאָזן מיך זיך צוטוליען צו ווענט.

ווי אין באַלאַגערונג באַזעצן זיי זיך אין מײַן האַרצן,
ווי וואָכערניקעס נעמען אויס מיט מיר אַ תנאי:
פאַר יעדן טראָפּן פרייד וואָס ערגעץ בלויז מיר דאַכט זיך,
זאָל איך זיי צאָלן זיבן מאָל אַזוי פיל פּײַן.

איך זע ווי אויגן דײַנע טרערנדיקע בליאַסקען,
איך זע, נאָר איך דינג זיך ניט. איך גיי אויף אַלעס אײַן:
זיי ווילן זיבן מאָל — איז זיבן, מסכים!
אַבי איין טראָפּן כאָטש אַ פריידיקער זאָל זײַן!

ט

זָרַעְתִּי אוֹ קָצַרְתִּי – מִי יַזְכִּיר, יוֹדִיעַ?
כְּלוּם יֵשׁ מִי שֶׁהִשְׁגִּיחַ אִם הַיְבוּל עָלָה?
אֲבָל שְׁחוֹרֵי־צְלָלִים יָבוֹאוּ מַס לִתְבֹּעַ,
וְלַיְלָה־לַיְלָה בְּלִי־מֵשִׁים יֵרְדוּ עָלַי.

כְּמוֹ תִימְרוֹת־עָשָׁן דְּחוּסוֹת שֶׁל תַּבְעֵרָה,
הֵם יִרְדְּפוּנִי בִּידֵיהֶם הַמִּשְׁתַּלְּחוֹת.
אַךְ לֹא יִתְּנוּנִי אֵי־לְאָן לִבְרֹחַ,
אַף לֹא יִתְּנוּנִי הִסְתּוֹפֵף בְּצֵל קִירוֹת.

כְּמוֹ לְעֵת מָצוֹר לִבִּי כֻּלּוֹ יִכְבְּשׁוּ,
כְּנוֹשְׁכֵי נֶשֶׁךְ עִמָּדִי יַתְנוּ הַתְּנַאי:
בְּעַד כָּל נֵטֶף גִּיל שֶׁאֲדַמֶּה בְּקֹשִׁי
אֶהְיֶה חַיָּב לִפְרֹעַ שִׁבְעָתַיִם דְּוַי.

אֶרְאֶה, תַּבְהֶקְנָה בְדִמְעוֹת עֵינַיִךְ,
אֶרְאֶה, אֲבָל לֹא אֶתְמַקַּח. אַסְכִּים מִיָּד:
רוֹצִים הֵם שִׁבְעָתַיִם – כֵּן יְהִי, שִׁבְעָתַיִם!
בִּלְבַד שֶׁיְּהִי אַךְ נֵטֶף־גִּיל אֶחָד.

י

דער נאָך דעם, אויפן ווונק, זיי הייסן זיך פאַר דיר
אַ שטײַיער־תנאי פאַרקריצן פונקט אַזאַ מין.
– פאַרקריצט! – גיט זיך מײַן מויל אַ ווייטאָקדיקן ריר
און ס׳האַרץ זיך לאָזט מיט ביטערקייט פאַרסמען.

– ווו איז אין האַרץ דער ראַנד דען צווישן פרייד און פּיין?
מיר וועלן אויסצאָלן, מײַן ליכטיקע, ביז לעצט דעם שטײַיער!
עס וועלן אונדז די נעכט די שלאָפלאָזע צולאַסט ניט זיין
און ס׳וועט דער פּײַן דער גרעסטער אונז ניט זײַן צו טײַער!

דאָס ברויט אין טרערן אויסגעווייקט איז זיס,
און ליכטיק איז דער בליץ וואָס טראָגט זיך אין זיגזאַגן.
מיר דוכט, אַז שאָטנס שטיל פאַרשלײַיפן דיר די פיס,
מיר דוכט, אַז אַ תהום דײַן האַרץ באַלאַגערט...

די פרישסטע קוואַלן פון די שפּיצן בערג,
חוץ זייער רוישיקן און זינגענדיקן שטראָמען,
צעשווענקען זיי נאָך אויך די גרונטן פון דער ערד
און זינגענדיק דערמאַנען זיי אין לויערדיקע תהומען.

## י

וְאַחַר־כָּךְ, בְּרֶמֶז, יְצַוּוּ לַחֵרֹת
גַּם בִּשְׁבִילֵךְ, תְּנַאי־מַס כָּזֶה תְּמוּהַּ.
— חֲרֹתוּ! פִּי יָזוּעַ זִיעַ מַכְאוֹבוֹת,
לְכִי יִתֵּן שֶׁבִּמְרִירוּת יְסַמְּמוּהוּ.

— הֵיכָן בַּלֵּב הַגְּבוּל בֵּין דְּוַי לְבֵין שִׂמְחָה?
אוֹרִית שֶׁלִּי, עַד תֹּם אֶת כָּל הַמַּס נִפְרָעָה!
לֵילוֹת הַנְּדוֹד לֹא יִהְיוּ לָנוּ לְמַשָּׂא,
וְכָל עֱנוּת גְּדוֹלָה אַף נְקַבֵּל בְּאַהַב!

הַלֶּחֶם סְפוּג הַדֶּמַע טַעְמוֹ מָתוֹק הוּא,
בָּרָק עֲקַלָּתוֹן יַבְזִיקוּ רֹב אוֹר.
דּוֹמֶה, צְלָלִים רַגְלַיִךְ חֶרֶשׁ יְרַתֵּקוּ,
דּוֹמֶה, עַל לְבָבֵךְ הַתְּהוֹם תָּשִׂים מָצוֹר.

עֵינוֹת־הַמַּיִם הַמְפַכִּים מֵרֹאשׁ הָהָר,
לְבַד מִזְּרִימָתָם הוֹמָה וּמְזַמֶּרֶת,
שׁוֹטְפִים־חוֹשְׂפִים הֵם גַּם אֶת יְסוֹדוֹת הָאָרֶץ
וּבְזִמְרָתָם יַזְכִּירוּ אֶרֶב תְּהוֹם נִפְעֶרֶת.

יא

איך דאַנק דיר, ווינט, פון וואַנען זאָלסט ניט זײַן,
איך דאַנק דיר, ווינט, ווּהין דו זאָלסט ניט אײַלן.
ס׳טוט זיך דער טאָג אויף מיר אַ זעגל אָן פון דינסטן זײַד
און כ׳קאָן אָן דיר אַצינד קיין ווײַלע ניט פאַרווײַלן.

עס האָט די זון מיר אויסגעשפּרייט אַ גינגאָלדענע זײַל
און ס׳וואַרטן מענגעס שׂמחהדיקע צוגן.
— אַ דאַנק דיר, ווינט, ס׳איז אַזוי זיס אַ יעדע ווײַל,
עס רופט מיך אויף אַ רײַזע אויף מײַן הימלאָזיקע יוגנט.

— אַהין די זעגלען ריכט! אַהין דעם אָטעם שטרעק!
דער גאַנצער וועלט דאַרף איצט מײַן האַרץ עפּעס פאַרוימען.
זאָלן די שטרעקעס אײַנלויפן פאַר דיר אין וועג
און אונטערטעניק זאָלן זיי צו דיר די רוימען!

— דערלויב ניט מער די טײַכן קיין געוויין,
דערלויב ניט מער די ווערבעס שטיין געבויגן!
מײַן ליבע גייט ווי אויף אַ שײַטער אויף אַליין
און טרערן דעקן צו אירע אַראָפּגעלאָזטע אויגן...

## יא

אוֹדְךָ הָרוּחַ, בּוֹא מֵאַיִן שֶׁתָּבוֹא,
אוֹדְךָ הָרוּחַ, לֵךְ אֶל אָן אֲשֶׁר תֵּלֵכָה.
מִפְרָשׂ שֶׁל מֶשִׁי דַּק עָטָה עָלַי הַיּוֹם
וְלֹא אוּכַל לִהְיוֹת אַף רֶגַע בִּלְעָדֶיךָ.

הַשֶּׁמֶשׁ לְנֶגְדִּי עַמּוּד־זָהָב פָּרַשׂ
וּמְחַכּוֹת הַרְבֵּה שַׁיָּרוֹת־שָׁשׁוֹן לַשַּׁיִט.
אוֹדְךָ הָרוּחַ, הֵן כָּל רֶגַע נֶעֱלָס.
אֲנִי מַפְלִיג אֶל נְעוּרַי חַסְרֵי־הַבַּיִת.

– לְשָׁם כּוֹנֵן מִפְרָשׂ! לְשָׁם נְשֹׁף וּנְשֹׁם!
לְמַלֹּא עוֹלָם לִבִּי בְּשׂוֹרָה יִלְאַט:
כָּל כִּבְרַת־דֶּרֶךְ לְפָנֶיךָ תִּצְטַמְצֵם,
וּלְפָנֶיךָ יִכָּנַע כָּל הֶחָלָל.

– אַל־נָא תִּתֵּן עוֹד לַנְּהָרוֹת לִבְכּוֹת,
וְלֹא לָעֲרָבוֹת כִּי רָאשֵׁיהֶן תַּטֶּינָה!
אֲהוּבָתִי עוֹלָה כְּמוֹ עַל אֵשׁ יְקוֹד,
עֵינֶיהָ הֻשְׁפְּלוּ, בָּהֶן דֹּק־דֶּמַע...

יב

טרינק ביזן דעק ניט אויס דעם שמידנדיקן וויין.
די שטערן איבער אונדז, ווי הענגלעך ווײנטרויבן, זיך וויגן, שפּינען.
זיי זײנען צײטיק מיט אַזאַ פאַרפירנדיקער שײן,
פאַרפירן וועלן זיי אונדז הײנט ווי ליפּע־צוויט — די בינען.

מיר וועלן גיין נאָך זיי. מיר וועלן נאָכגיין ביזן ראַנד
און אים אַריבערגיין, ניט פרעגנדיק וווהין גאָר,
און אים אַריבערגיין, ניט וויסנדיק צי ז׳עפּעס נאָך פאַראַן,
אַחוץ דײן אָפּגעדעקטער מיידלשאַפט און חוץ מײן נאַקעט זינגען...

דאָ איז עס, ווייס, דער סוף און אָנהייב פון באַשאַף.
ס׳איז אויס מיט צאָל און מאָס, קיין ווייטאָק טוט ניט ווי דאָ.
ווען ס׳זאָל אונדז זײן אַ בעט פון מעסערס בלויז די שארף
איז וואָלטן מיר זי פאַר דער גאַנצער ערד ניט אָפּגעגעבן ביידע.

עס לײכטן דײנע קני. עס איז דײן מויל אַ שוועל
צום אויפגאַנג ליכטיקן פון אומבאַשיידטן וווּנדער.
געעפנט האָט די יונגשאַפט זיך ווי ס׳עפנט זיך די וועלט
און ביידע זײנען מיר דאָרט ברענענדיק פאַרשוווּנדן...

## יב

אַל־נָא תִשְׁתִּי עַד תֹּם הַיַּיִן הַמְחַשֵּׁל.
כְּאֶשְׁכּוֹלוֹת־הָעֲנָבִים הַכּוֹכָבִים לְמַעְלָה יִתְנַדְנְדוּ,
בְּזֹהַר מִתְעַתֵּעַ כָּל אֶחָד מֵהֶם בָּשֵׁל,
כְּצוּף־תִּרְזָה אֶת הַדְּבוֹרִים, הַיּוֹם אוֹתָנוּ יְצוֹדְדוּ.

נֵלֵךְ־נָא אַחֲרֵיהֶם. נֵלֵךְ עַד הַקָּצָה
וְנַעַבְרֶנָּה בְּלִי לִשְׁאֹל אֶל אַיִן,
וְנַעַבְרֶנָּה בְּלִי לָדַעַת אִם עוֹד מַשֶּׁהוּ נִמְצָא,
לְבַד מִזִּמְרָתִי הַמְעֻרְטָלָה וְהַגִּלּוּי שֶׁל עֲלוּמַיִךְ...

פֹּה הוּא, דְּעִי, קֵץ הַבְּרִיאָה וְרֵאשִׁיתָהּ.
חֲסַל סָפֹר וּמְדֹד. שׁוּם צַעַר לֹא יֵצַר פֹּה.
לוּ לָנוּ פֹּה מִטָּה, מְסַכִּינִים חַדָּה,
לֹא הֶחְלַפְנוּהָ שְׁנֵינוּ אַף תְּמוּר כָּל הָאָרֶץ.

בִּרְכַּיִךְ זוֹהֲרוֹת וּפִיךְ הוּא הַמִּפְתָּן
אֱלֵי זְרִיחָה אוֹרִית שֶׁל פֶּלֶא, חֵקֶר אֵין לוֹ.
נְעוּרִים שָׁם נִפְתְּחוּ כְּהִפָּתַח עוֹלָם
וּבוֹעֲרִים בָּאֵשׁ נֶעֱלַמְנוּ שָׁמָּה שְׁנֵינוּ...

יג

און איצטער זוכן וועלן מיר זיך טאָג נאָך טאָג,
די ערד אויף בלאָנדזשען זײַן אַצינדערט וועט אונדז ווייניק.
עס האָט אונדז אויף אַ וועג אַזאַ געגעבן אַ פּאַרטראָג,
וווביימער טרויערן און ווו די פייגל וויינען.

מיר וועלן גיין. עס וועט די ווייטקייט אונדז ניט זײַן קײן שטער
אויף זײַן באַנאַנד, אויף איינס דעם צווייטן אָנזען,
ווי אָנזען איינס דעם צווייטן איז די שטערן זיך באַשערט
אין זייער אייביקן געיעג,אין זייער איינזאַמיקן בלאָנדזשען.

אַראָפּגיין וועט אַ שניי און דורכגיין וועלן פרעסט
און ווינטן וועלן ווידער עפּעס אײַנרוימען די זאַמדן.
– פאַרגעסט אַ פויגל דען אין וואַנדערונג זײַן נעסט?
און ס׳טרעפט אַ שטראָם דעם וועג ניט צו דעם ים דען?

אין שניט דערמאָנען – ניט דער שנײַדמעסער באַדאַרף.
כ׳געדענק, כ׳געדענק, ס׳פאַרשווינדט ניט פון מײַן זין גאָר,
אַז ס׳פאַלן אויף דײַן לײַב די האָר, ווי סטרונעס אויף אַ האַרף,
און איך האָב נאָך מײַן האַרץ אויף זיי ניט אויסגעזינגען.

## יג

עַתָּה נַחְפֹּשָׂה זֶה אֶת זֶה יוֹם־יוֹם,
יִקְטַן מִדַּי כַּדּוּר־הָאָרֶץ לִנְדוּדֵינוּ.
אֶל דֶּרֶךְ שֶׁכָּזֹאת נִשָּׂאנוּ בְּפִתְאֹם,
בָּהּ יֶאֶבְלוּ עֵצִים וְצִפֳּרִים תִּבְכֶּינָה.

נֵלֵךְ וְהַמֶּרְחָק לֹא יַפְרִיעֵנוּ כְּלָל
לִרְאוֹת זֶה אֶת זֶה, וְכָךְ לִהְיוֹת בְּיַחַד.
זֶה חֹק הַכּוֹכָבִים: יִתְעוּ בָדָד בֶּחָלָל
וְזֶה אֶת זֶה יִרְאוּ תּוֹךְ רְדִיפָה נִמְשֶׁכֶת.

יֵרֵד הַשֶּׁלֶג וְיָבוֹאוּ יְמֵי־הַקֹּר,
שׁוּב אֶל חוֹלוֹת רוּחוֹת תִּלְחַשְׁנָה פֹּה וְשָׁמָּה.
הַאִם בְּמַסָּעָהּ תִּשְׁכַּח קִנָּהּ צִפּוֹר?
הַאִם תִּשְׁכַּח נָהָר דַּרְכּוֹ הַיָּמָּה?

אֵין צֹרֶךְ שֶׁחֶרְמֵשׁ יַזְכִּיר עֵת קָצִיר.
אֶזְכֹּר, אֶזְכֹּר, כִּי מִדַּעְתִּי לֹא יִתְעַלְּמוּ
שַׂעֲרוֹתַיִךְ עַל גֵּוֵךְ נוֹפְלוֹת כְּמוֹ נִימֵי כִּנּוֹר,
וְאֶת לִבִּי עַד תֹּם לֹא שַׁרְתִּי עוֹד עָלֵימוֹ.

יד

עס גייט דער ים אַנטקעגן מיר צעהעלט
און בעט מיט זון פֿאַרמיר אַ גאָלדענעם געלעגער.
– צי דען דערפֿאַר וואָס שטַייף איז ווי דַיין לַייב זַיין וועל
קאָן איך זיך דען פֿון דיר פֿאַרגעסן אויף אַ רגע?

עס קייטלען זיך געבערג געקרוינטע מיט קאַיאָר,
זיי רופֿן מיך אין דער הויך אין ווייסע ווונדערלעכע שלעסער.
– צי דען דערפֿאַר וואָס זייער הויך ז׳באַגילט ווי דַיינע האָר
קאָן איך אפֿילו דען אַן אויגנבליק אין דיר פֿאַרגעסן?

דער ווינט גיט מיך אין זַיינע אָרעמס אַ פֿאַרשליס
און טרינקט מיך אָן מיט זאַפטן פֿון באַגינען.
– צי דען דערפֿאַר וואָס ער איז ווי דַיין אָטעם זיס
קאָנסטו אויף וויפֿל דען ניט איז אַרויס מיר פֿונעם זינען?

כ׳האָב נישט געשלייפט מַיין האַרץ בַיי דער פֿאַרוואַרטער שוועל
און איך ווייס ניט ווי דעם שטיין פֿון חכמה זאָל איך לייענען,
נאָר זאָג – פֿאַרוואָס איז לַייכט אַזוי צו זען אין דיר די גאַנצע וועלט
און גאָר די וועלט איז ניט אומשטאַנד פֿאַרבַייטן דיך אַליין נאָר?...

## יד

בָּא לִקְרָאתִי הַיָּם, יִנְהַר, יִצְהַל,
וִיצוּעַ־פָּז עִם שֶׁמֶשׁ יַצִּיעַ לִי מִנֶּגֶד.
הֵן כְּגוּפֵךְ דָּרוּךְ כָּל גַּל וָגַל,
וְלֹא אוּכַל לְשָׁכְחֵךְ אֲפִלּוּ רֶגַע!

מִשְׂתַּרְשְׂרִים הָרִים, זְרִיחָה מְעַטַּרְתָּם,
אֶל רוֹם לִי יִקְרְאוּ, אֶל פֶּלֶא אַרְמְנוֹת־הַצַּחַר.
הֵן מוּפָּזוֹת כְּשַׂעֲרוֹתַיִךְ פִּסְגוֹתָם,
אוֹתָךְ לְהֶרֶף־עַיִן לֹא אוּכַל־אֶשְׁכָּחָה!

הָרוּחַ בִּזְרוֹעָיו אוֹתִי יַחְבֹּק,
יַשְׁקֶה אוֹתִי בַּעֲסִיסֵי הַשַּׁחַר.
הָרוּחַ הוּא כִּנְשִׁימָתֵךְ מָתוֹק
וְלֹא תוּכַל דַּעְתִּי אַף קְצָת לִהְיוֹת מִמֵּךְ מֻסַּחַת!

עַל סַף אָסוּר הֵן לֹא הִשְׁתַּחֲוֵיתִי אֶת לִבִּי,
וְאֶבֶן הַחָכְמָה – לֹא אֵדַע אֵיךְ אֶקְרָא בָּהּ.
אִמְרִי, מַדּוּעַ קַל כֹּה בָּךְ לִרְאוֹת עוֹלָם כַּבִּיר,
וְלֹא יוּכַל עוֹלָם כַּבִּיר לִהְיוֹת תְּמוּרָה לָךְ?...

טו

דעם טאָג באַגעגן איך אַליין, אַליין דעם טאָג באַגלייט איך
און ס׳קומט בַיינאַכט אויף מַיינע אויגן ניט קַיין שלאָף.
– איך האָב דיר אומגערן פאַרשאַפט אַזוי פיל ווייטאָק,
באַשטראָף מיך, טַייערע, נאָך מער ווי איך בין באַשטראָפט!

דַיין שאָטן פאַלט פון יעדן בוים אויף שריט און טריט דאָ,
נאָר זייער זינגענדיקער רויש זיך ווענדט פון מיר ניט אָפּ.
– איך וועל ניט אויסקויפן מיט אַלע מַיינע לידער
די מינדסטע טרער וואָס טריפט פון דיר אַראָפּ.

פאַרקוקט אין דר׳הויך האָבן געבערג זיך אָפּגעברענטע,
זיי שיקן ווינטלעך איינס צום צווייטן אַזוי לַייכט.
– ווי שטרעקט מען אויס אַזוי די טרויעריקע הענט דיר,
וואָס זענען אַיינגעטונקט אין ליכט פון דַיין לבנהדיקן לַייב?

אַ יעדן ווינט באַגעגן איך, אַ יעדן ווינט באַגלייט איך.
מיט טרויער קוק איך נאָך נאָך זייער האַסטיקן געלאַף.
– איך האָב דיר אומגערן פאַרשאַפט אַזוי פיל ווייטאָק,
באַשטראָף מיך, טייערע, נאָך מער ווי כ׳בין באַשטראָפט!

טו

כָּל יוֹם אֶפְגְּשָׁה לְבַדִּי, וּלְבַדִּי אֲלַו,
וּמֵעֵינַי שֵׁנָה כָּל לַיְלָה תִסָּתֵר.
– אַךְ בְּשׁוֹגֵג גָּרַמְתִּי לָךְ כְּאֵב כֹּה רַב,
כְּבָר נֶעֱנַשְׁתִּי, יַקִּירָה, עִנְשִׁינִי עוֹד יוֹתֵר!

צִלֵּךְ נוֹפֵל פֹּה מִכָּל עֵץ עַל כָּל מִדְרַךְ כַּף־רֶגֶל,
אַךְ לֹא יַרְפֶּה מִמֶּנִּי רִשְׁרוּשָׁם רוֹנֵן.
– בְּכָל שִׁירַי, אוֹיָה לִי, לֹא אֶפְדֶּה אַף אֶגֶל־
דִּמְעָה קָטֹן, נִגָּר מִתּוֹךְ עֵינֵךְ.

הָרִים צְחִיחִים תּוֹהִים אֶל הַשָּׁמַיִם,
וְהַר אֶל הַר רוּחוֹת כֹּה קַלִּילוֹת יְשַׁלַּח.
– אֵיכָה אוֹשִׁיטָה אֶת יָדַי נוּגוֹת אֵלַיִךְ,
טוֹבְלוֹת בְּזִיו־יָרֵחַ שֶׁל גּוּפֵךְ שֶׁלָּךְ?

כָּל רוּחַ פֹּה אֶפְגְּשָׁה, כָּל רוּחַ פֹּה אֲלַו.
אַבִּיטָה בִּתְוּגָה עַל אִיצָתָן מַהֵר.
– אַךְ בְּשׁוֹגֵג גָּרַמְתִּי לָךְ כְּאֵב כֹּה רַב,
כְּבָר נֶעֱנַשְׁתִּי, יַקִּירָה, עִנְשִׁינִי עוֹד יוֹתֵר!

טז

עס לאָזן ערגעץ טשערעדעס אַראָפּ זיך שוין אין טאָל,
דער טאָג איז אויסגעגאַנגען צוקאָפּנס אויף געבערג אויף טריבע,
דורך פאסטכנדיקע פייפּעלעך דערטראָגט זיך מיר דַיין קול
און דורכן צושלאָג פונעם ים — דַיין פאַרבאַהאַלטענער פאַריבל.

דַיין פליסנד קול — אַ דאָרשטיקן קאָן אַיינשטילן דעם דאָרשט,
סע ריזלט, דאַכט זיך, אויף פון שפּיצן־בערג צו ימען.
איך האָב זיי אויסגעטשאַטעוועט, די ווינטן פון קאַיאָר,
איך זאָל צו זייער וַוייטן אָפּפלי ניט פאַרזאָמען.

— האָט קיין פאריבל מיר ניט, ווינטן — זיך געוועגדט
האָב איך צו יעדן איינציקן פון זיי ווי צו אַ מאַמע —
מיט וועמען וואָלט איך עס מַיין האַרץ אַוועקשיקן געקענט,
אָט ווי מען שיקט אַוועק אַ בריוו מיט אַ געלעגנהייט אַזאַ מין?

— נאַ, לייען עס, דאָס האַרץ, אַזוי ווי ס׳איז,
ס׳וועט אויף אַ נאַכט אַ גאַנצער קלעקן דיר צום לייענען.
כ׳האָב זיך אַזוי געאײַלט און קיינעם ניט געגריסט,
איך קאָן נאָך אַלץ קיין בריוו ניט אויסשטעלן קיין שיינעם...

טז

אֵי־שָׁם הַרְחֵק יוֹרְדִים לָעֵמֶק עֲדָרִים,
כָּבָה הַיּוֹם עַל רֹאשׁ הָרֵי עַצְבוּת קוֹדֶרֶת.
קוֹלֵךְ נִשָּׂא אֵלַי מֵחֲלִילֵי רוֹעִים,
וּמֵהֶמְיַת הַיָּם — אַף טִינָתֵךְ הַמְּסֻתֶּרֶת.

קוֹלֵךְ קוֹלֵחַ — יְרַוֶּה צִמְאוֹן צָמֵא.
דּוֹמֶה, אֱלֵי יַמִּים יִזְרֹם מִנִּי רֹאשׁ הֶרֶר.
רִחְרַחְתִּי אַחֲרֵי רוּחוֹת שַׁחֲרִית קַלִּים,
אֶל מְעוּפָם לַמֶּרְחַקִּים לֹא אֲאַחֵרָה.

אַל־נָא תִנְטֹרְנָה לִי טִינָה, רוּחוֹת — אֶל כָּל
אַחַת מִכֶּן אֶפְנֶה כְּמוֹ אֶל אֵם יַקֶּרֶת —
עִם מִי לִשְׁלֹחַ אֶת לִבִּי יָכוֹל אוּכַל,
כְּדֶרֶךְ שֶׁשּׁוֹלְחִים בְּהִזְדַּמְּנוּת אִגֶּרֶת.

הֵא לָךְ לִבִּי כְּמוֹת־שֶׁהוּא, קִרְאִיהוּ־נָא,
יַסְפִּיק לָךְ לִקְרִיאָה לְכָל הַלַּיְלָה.
כָּל־כָּךְ מִהַרְתִּי, לֹא בֵרַכְתִּי שׁוּם אָדָם,
לִכְתֹּב יָפֶה אִגֶּרֶת, וַי לִי, לֹא אַשְׂכִּילָה.

יז

די רַייפע זאַנג פאַלט אויפן שנַיידמעסער אַליין
מיט אויסגעשטרעקטן האַלדז מיט גאָלדענעם און טריבן:
– נו, עפן עס, מיין האַרץ, און קוק און לייען,
אַז כ׳ווייס גאָרניט אַליין וואָס דאָרט איז געשריבן...

ס׳איז אַלץ דאָרט מיט אַ מאָל – אַן איילעניש אַזאַ,
דו זאָלסט מיט דעם אין ערגעץ ניט פאַרגיין נאָר.
מיר דאַכט, אַז דאָרטן איז צעזייט דַיין אייגן כתב,
אַז לייענען, חוץ דיר, וועט עס ניט קאָנען קיינער.

ווי גיט מען צו פאַרשטיין דיר און מיט וואָס,
אַז זאָלסט ניט דורכלאָזן קיין וואָרט, קיין איינציקס ניט פאַרגעסן?
דו זאָלסט ניט איבערהיפּערן קיין אות,
ס׳איז דאָרטן אַלץ פאַרקריצט אַזוי ווי מיט אַ מעסער!

כ׳וועל פון באַגינען ביז באַגינען וואַרטן דאָ אַליין
מיט אויסגעשטרעקטן האַלדז פון ליד מַיינער פון טריבער.
– נו, עפן עס, מַיין האַרץ, און קוק, און לייען,
אַז כ׳ווייס גאָר ניט אַליין וואָס דאָרטן איז געשריבן...

יז

בָּשְׁלָה שִׁבֹּלֶת, מֵעַצְמָהּ עַל הַמַּגָּל תִּצְנַח,
צַוָּאר זָהֹב תִּפְשֹׁט בְּרֹב עַצֶּבֶת:
– וּבְכֵן, פִּתְחִי לִבִּי, הַבִּיטִי, קִרְאִי־נָא,
אֲנִי עַצְמִי אֵינִי יוֹדֵעַ מַה נִּכְתַּב שָׁם...

הַכֹּל בַּכֹּל שָׁם יֵשׁ – מִין אִיצָה בְּהוּלָה.
אַל־נָא תִתְעִי בְּתוֹךְ זֹאת הָעִרְבֹּבֶת.
דּוֹמַנִי, שָׁם זָרוּעַ כְּתַב־יָדֵךְ שֶׁלָּךְ,
וְחוּץ מִמֵּךְ, שׁוּם אִישׁ לֹא יוּכַל קְרֹא בוֹ.

כֵּיצַד, בַּמֶּה, אַסְבִּיר לָךְ, כִּי חָשׁוּב
שֶׁלֹּא תַחְסִירִי אַף מִלָּה אַחַת שָׁם,
וְלֹא שׁוּם אוֹת, לֹא שׁוּם סִימָן רָשׁוּם?
הַכֹּל כִּבְסַכִּין הֵיטֵב נֶחֱרַת שָׁם!

מִשַּׁחַר וְעַד שַׁחַר אֲחַכֶּה פֹּה עֲרִירִי,
צַוָּאר יִפְשֹׁט שִׁירִי בְּרֹב עַצֶּבֶת.
– וּבְכֵן, פִּתְחִי לִבִּי, הַבִּיטִי וְקִרְאִי,
אֲנִי עַצְמִי אֵינִי יוֹדֵעַ מַה נִּכְתַּב שָׁם.

יח

דער רעש פון חתונות איז ווידער אויף די גאַסן,
פון שׂמחות דאָס געוויין איז אויף דאָס נײַ דערוועקט.
צעבראָכענע זײַנען בלויז די פידלער און די קאָנטראַבאַסן,
געקוילעט זײַנען בלויז די קלעזמער אויפן וועג.

נאָר דו — דו טאַנץ! די פיס געשטעלט ווי איבער נעצן,
דאָס האַרץ מיט ווייטיק אייגענעם פאַרטויב!
און טראָג אים, טראָג, דעם טרויער פון באַזעצנס,
ווי צו דער שחיטה טראָגן דעם האַלדז די מילדע טויב.

דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, די אויגן אויפגעקייקלט,
ס׳באַגלייטן ווײַטע שטערן בײַ דער נאַכט.
עס זײַנען מאַמעס אָט אַזוי געגאַנגען צו דער עקדה, דאָס פייער
און דאָס האָלץ אַליין פאַר זיך געבראַכט.

איז רייס פון לײַב זיך לעבעדיקע פּאַסן
און טאַנץ, און ווײַטן דרעמלדיקע — וועק!
צעבראָכן זײַנען בלויז די פידלער און די קאָנטראַבאַסן,
געקוילעט זײַנען נאָר די קלעזמער אויפן וועג.

### יח

שׁוּב הֲמוּלַּת כְּלוּלוֹת בָּרְחוֹבוֹת פָּרָצָה,
וּבְתוֹךְ שְׂמָחוֹת בְּכִיָּה שׁוּב מִתְעוֹרֶרֶת.
אַךְ בַּטְנוּנִים וְכִנּוֹרוֹת כֻּלָּם נֻפָּצוּ,
אַךְ נִשְׁחֲטוּ הַכְּלֵיזְמָרִים בַּדֶּרֶךְ.

אַךְ אַתְּ – רִקְדִי! רַגְלַיִךְ עַל רְשָׁתוֹת הֻצָּבוּ,
הַחְרִישִׁי לְבָבֵךְ בִּכְאֵב הָרָם!
וּשְׂאִי תוּגַת כַּלָּה, אֲשֶׁר הוּשְׁבָה, צֹעָפָה,
כְּשֵׂאת יוֹנָה תַמָּה לַטֶּבַח צַוָּארָהּ.

רֹאשֵׁךְ יֻשְׁפַּל, עֵינַיִךְ יִתְעַלָּפוּ,
כּוֹכְבֵי הַמֶּרְחַקִּים בַּלַּיְלָה יִתְלַוּוּ.
כָּךְ אִמָּהוֹת לַעֲקֵדָה הָלָכוּ,
הָאֵשׁ וְהָעֵצִים הֵן לְעַצְמָן נָשָׂאוּ.

וּבְכֵן, קְרָעִים מִן הַבָּשָׂר הַחַי עֲקֹרִי,
רִקְדִי, וּמֶרְחַקִּים מְנֻמְנָמִים הָעִירִי!
אַךְ בַּטְנוּנִים וְכִנּוֹרוֹת כֻּלָּם נִשְׁבָּרוּ,
אַךְ נִשְׁחֲטוּ הַכְּלֵיזְמָרִים בַּדָּרֶךְ.

יט

אַן אָדלער־רויש וועגן געפאַרן וואָרנט בַיי דער שוועל
פון דעם פאַרפאַנצערטן, ניט־צוטריטלעכן אוראַלט.
נאָר קלוגע סטעזשקעלעך, וואָס שלענגלען זיך פון פעלזן,
האבן מיך, בלאָנדזשענדיק, פאַרפירט צום וואַסערפאַל אַגוראַ.

דער רוישנדיקער שטראָם פון שפיצן בערג
נאָך אַלץ עפעס דעם אָפּגרונט טענהט דאָרט אַרַיין ער.
– געגנען, מַיין הימלאָזע, גענען אַהער,
ער וועט דיר אָפּוואַשן דעם שטויב פון בלאָנדזשענדיקע פיס פון דַיינע.

איך ווייס ניט, וועמעס בראָך איז דאָ און וועמעס זיג,
מיט שטיין צוקאָפּנס שטורעמס אַיינגעשלאָפן כראָפּען.
דיר וועלן אויכעט שטיינער זַיין אַ וווּנדערלעכער וויג,
אַ לייטער וועסט דערזען צום הימל פונעם אָפּגרונט...

אין דער אומאָרדענונג פון בראשיתדיקער הייל
מיט שפּראַך מיט אייביקער פון דַיינע פיס די מידע,
בלויז אים אַליין, דעם וואַסערפאַל דערצייל
ווי צו די באַרג־שפּיצן צוויי טויזנט יאָר דו רַייסט זיך אַ געשמידטע.

יט

נְסוּר שֶׁל נֶשֶׁר סַכָּנָה יַתְרִיעַ
עַל סַף בִּנְיָן שֶׁרְיַן מִקֶּדֶם לִבְלִי־גֶשֶׁת.
אֲבָל חַכְמֵי־שְׁבִילִים, הַמִּתְפַּתְּלִים בֵּין הַצּוּרִים,
הִנְחוּנִי, בִּתְעוֹתִי, אֶל אַגּוּרָא הָאֶשֶׁד.

הַזֶּרֶם הָרוֹעֵשׁ מֵרֹאשׁ הָהָר
בְּלִי־הֶרֶף טְעָנוֹת לַתְּהוֹם יַצְרִיחַ.
— קִרְבִי־נָא, בַּת בְּלִי בַּיִת, קִרְבִי־נָא כְּבָר,
רַגְלַיִךְ הַנָּעוֹת־נָדוֹת, אֶת אֲבָקָן יָדִיחַ.

אֵינִי יוֹדֵעַ מִי הוּבַס פֹּה, מִי נִצַּח,
עִם אֶבֶן לִמְרַאֲשׁוֹת סוּפוֹת בִּשְׁנָת תִּנְחַרְנָה.
גַּם אֲבָנִים יִהְיוּ לְעֶרֶשׂ־פֶּלֶא לָךְ,
תִּרְאִי מִתְּהוֹם סֻלָּם מַגִּיעַ הַשָּׁמַיְמָה...

בָּעַרְבּוּבְיָה שֶׁל מְעָרַת־בְּרֵאשִׁית,
בִּשְׂפַת הַנֶּצַח שֶׁל רַגְלַיִךְ שֶׁעָיָפוּ,
רַק לוֹ בִלְבַד, לָאֶשֶׁד תְּסַפְּרִי
אֵיךְ שְׁנוֹת־אַלְפַּיִם אֶל פְּסָגוֹת כְּבוּלָה תִּשְׁאָפִי.

כ

דערצייל, מַיין היימלאָזע, פאַרכישוף און דערמאָן אים,
אַצינדערט טאַנצטו פאַר אַן עדה בערג.
פאַר דיר איז קיינער אין דער וועלט דאָרט ניט פאַראַנען,
דו האָסט צו וועמען זיך ניט ווענדן מער.

פאַרשטויסן וואָגלען ברידער אום איבער די ימען,
קַיין האַפן און קַיין בערג די ערד זיי ניט פאַרגינט.
עס קאָן קיין קינד ניט אָפּזוכן זַיין מאַמען
און ס׳קאָן קַיין מאַמע מער ניט טרעפן צו איר קינד.

די אויגן אויסגעשטאָכן האָט מען זיי פאַר קוקן צו די שטערן
און פאַר דעם זוניק ליד האָט מען די מַיילער זיי געברענט.
צום אָפּגרונט ס׳וועט דערגיין און צו די שטַייגעריקע שטערן
פאַרבינדענע מיט כמאַרע און מיט בלענד.

האָסט דאָרט מער קיינעם ניט. דאָרט איז קיין טרייסט ניטאָ מער,
ס׳וועט מיט דַיין וויי דערוואַרגן זיך דער באַרג און הייל.
בארוישט זיך אויפהייבן צו דיר וועלן די תהומען.
טאַנץ, טאַנץ, מַיין היימלאָזע, פאַרכישוף און דערצייל!

כ

סַפְּרִי לוֹ, בַּת בְּלִי בַּיִת, כַּשְּׁפִיהוּ, הַזְכִּירִיהוּ.
עַתָּה לִפְנֵי עֲדַת־הָרִים רוֹקֶדֶת אַתְּ.
אֵין לָךְ בִּמְלֹא עוֹלָם קָרוֹב וָרֵעַ,
אֵין לָךְ אֶל מִי לִפְנוֹת, נִשְׁאַרְתְּ בָּדָד.

עַל פְּנֵי יַמִּים אַחַיִךְ נִדָּחִים יִדֹּדוּ,
הָאָרֶץ לֹא תִתֵּן לָהֶם לֹא חוֹף וְלֹא נָמֵל.
הַיֶּלֶד יְחַפֵּשׂ אִמּוֹ. לֹא יִוָּעֵדוּ,
כִּי לֹא תוּכַל הָאֵם לִמְצֹא יַלְדָּהּ אָמֵל.

אֶל כּוֹכָבִים הִבִּיטוּ — עֵינֵיהֶם נִקֵּרוּ,
מִזְמוֹר שִׁמְשִׁי שׁוֹרֵרוּ — צָרְבוּ אֶת פִּיּוֹתָם.
יַבְקִיעַ תְּהוֹם וְכוֹכְבֵי־רוֹם הַקֶּרֶץ
בִּרְקִיעַ הֶבְהֵקִים וְחַשְׁרוֹת־עָב.

אֵין לָךְ שָׁם אִישׁ עוֹד. אֵין שָׁם נֶחָמָה עוֹד.
בְּמַכְאוֹבֵךְ יִתְלַעְלְעוּ הָהָר וְהַמְּעָרָה.
שִׁכּוֹרוֹת אֵלַיִךְ הַתְּהוֹמוֹת תְּרוֹמְנָה.
רִקְדִי, כַּשְּׁפִי, סַפְּרִי־נָא, עֲקוּרָה.

כא

וואָס האָסטו נאָך אין דײַן געיאָגטער אומעטיקער רײַזע?
געזעגן זיך און גיב עס שנעל און אײַליק אָפּ!
האָסט נאָך ניט אויסגעצאָלט דעם צינש פאַר וועלן פרײַ זײַן,
מען הייסט אַצינדערט ברענגען זיך דײַן קאָפּ.

קײַן ברויט אין פעלד צו זאַט איז ני׳ט געוואַקסן,
אָבער דער חוב פון דיר געשטיגן איז אין צאָל.
פאַר וועלן דענקען, טרוימען און געוואַגט זײַן,
איז ניט געדונגען זיך — באַצאָל!

דאָס גאָלד אַוועקגערויבט, דאָס צירונג איז צעשלײַדערט
און ס׳שטייט אַ וויגעלע אַ ליידיקס בײַ דער שוועל.
ס׳איז אָנגעצונדן שוין פאַר דיר אַ שײַטער,
ביסט שולדיק מיטן קאָפּ פאַר דײַן פאַרליבטקייט אין דער וועלט!

איז טאַנץ זיך אויס איידער דער פלאַם וועט דיך צעבײַסן,
די שאַנד — פון לײַב, דאָס לײַב — פון ביינער שמײַיס אַראָפּ!
האָסט נאָך ניט אויסגעצאָלט דעם צינש פאַר וועלן פרײַ זײַן,
פאַר טראָגן פרײַ דײַן טרויעריקען קאָפּ...

כא

מָה עוֹד נִשְׁאַר לָךְ, הַנִּרְדֶּפֶת, בְּמַסַּע־הָאֹפֶל?
חִישׁ הִפָּרְדִי מִזֶּה, מִסְרִי הַכֹּל מִיָּד!
עוֹד לֹא שִׁלַּמְתְּ עַד תֹּם הַמַּס עַל אַוַּת־חֹפֶשׁ,
עַכְשָׁו הַצַּו הוּא, כִּי רֹאשֵׁךְ יוּבָא.

הַלֶּחֶם לֹא צָמַח לָךְ בַּשָּׂדֶה לָשֹׂבַע,
אֲבָל חוֹבֵךְ לְאֵין שִׁעוּר גָּדוֹל.
רָצִית לַחֲשֹׁב, לַחֲלֹם וּלְהָעֵז אֶל גֹּבַהּ,
אַל תִּתְמַקְּחִי – שַׁלְּמִי הַכֹּל!

הַפָּז נָבֹז, הָעֲדָיִים הֻשְׁלָכוּ
וַעֲרִיסָה רֵיקָה עוֹמְדָה לְיַד מִפְתָּן.
הוּכַן כְּבָר הַמּוֹקֵד, הוּכַן כְּבָר, לָךְ הוּא,
חִיַּבְתְּ רֹאשֵׁךְ עַל אַהֲבַת בְּרִיּוֹת־עוֹלָם.

רִקּוּד הַשְׁלִימִי קֹדֶם שֶׁיֹּאכְלֵךְ יְקוֹד אֵשׁ,
הַשְׁלִיכִי הַחֶרְפָּה מִגֵּו, הַגֵּו מִן הָעַצְמוּת.
עוֹד לֹא שִׁלַּמְתְּ עַד תֹּם הַמַּס עַל אַוַּת־חֹפֶשׁ,
עַל שֶׁנָּשָׂאת רֹאשֵׁךְ מִתּוֹךְ חֵרוּת...

כב

דערציילֿ דעם וואַסערפֿאַל, דערמאָנען קאָן אַ יעדער באַרג אים,
אין יעדן באַרג איז אויסגעקריצט מיט פֿייער פֿון באַגין
דער דורכגעהילכטער איבער זיי צום ערשטן מאָל: ״ניט הרגע!״,
וואָס וואַלגערט זיך אין אַש, באַדעקט מיט שימלדיקן גרין.

– זייט וויסן, בערג, די קריג מיט פֿינסטערנישן דויערט,
קיין שפּאַן קיין אייניציקן טרעט דער געדאַנק ניט אָפּ!
באַזיגט ז׳ניט דער אַ וועמעס קאָפּ פֿאַלט פֿון דער האַק אין טרויער,
נאָר יענער, וואָס די האַק בלויז לייכט ביי אים אין קאָפּ.

– זייט וויסן, בערג, זאָל אייך באַוווּסט זיין, רוימען,
דער צוטריט צום געדאַנק ז׳דעם טויט פֿאַרווערט!
אַ זיגער איז ניט דער, וואָס טוט דעם אַנדערן אַ צוים אָן,
נאָר דער, וואָס אין דער צוים – די צוים צעברעכט!

איז טאַנץ, מיין היימלאָזע, כל־זמן פֿאַראַנען ס׳זיינען נאָך ווייטן,
און פֿאַלן לאָז אויף זיך פֿון וואַסערפֿאַל דעם רעש!
ס׳איז טויט ניט דער, וואָס ווערט פֿאַרברענט אויף שייטערס,
נאָר דער, וואָס זעט אין פֿלאַם בלויז טליענדיקן אַש.

כב

סַפְּרִי לָאֶשֶׁד. הֵן כָּל הַר יוּכַל הַזְכֵּר לוֹ,
כָּל הַר וָהַר חָקוּק מִקֶּדֶם בּוֹ בְּאֵשׁ:
״לֹא תִרְצַח! הִדְהֵד מֵעֲלֵיהֶם אֲזַי דִּבֵּר זֶה,
הַמִּתְגּוֹלֵל עַתָּה בָּאֵפֶר, מְכֻסֶּה בִּירוֹק עָבֵשׁ.

– דְּעוּ, הָרִים, הַמִּלְחָמָה עִם מַחְשַׁבִים נִמְשֶׁכֶת,
אַף צַעַד אַל תִּסֹּגוּ מִן הָרַעְיוֹן הַזֶּה!
לֹא זֶה נֻצַּח, אֲשֶׁר רֹאשׁוֹ הֻתַּז מִשֶּׁכֶם,
כִּי זֶה שֶׁבְּרֹאשׁוֹ מַבְהִיק לוֹ הַגַּרְזֶן.

– דְּעוּ, הָרִים, וְכָל מֶרְחָב יְהִי עַתָּה יוֹדֵעַ,
גִּישָׁה אֶל הָרַעְיוֹן הַזֶּה עַל מָוֶת נֶאֱסֹר!
לֹא זֶה הַשָּׂם עַל זוּלָתוֹ רִתְמָה הוּא הַמְנַצֵּחַ,
כִּי זֶה שֶׁבְּתוֹךְ רִתְמָה – רִתְמָה יִשְׁבֹּר!

כָּל עוֹד יֵשׁ מֶרְחַקִּים, בִּתִּי, הוֹסִיפִי רְקֹד!
קַבְּלִי נָא מִן הָאֶשֶׁד הֲמֻלָּה רוֹעֶמֶת!
לֹא זֶה הַמֵּת, אֲשֶׁר נִשְׂרַף עֲלֵי מוֹקֵד,
כִּי זֶה אֲשֶׁר רוֹאֶה בַּשַּׁלְהָבוֹת רַק רֶמֶץ.

כג

ער גייט, ער גייט, דער גולם מיט דער האַק
איבער די אַלטע טעמפּלען איינפירן אַ נייע אָרדענונג.
אויף זיינע מאַלפּעדיקע אַקסלען באָמבלט זיך אַ זאַק
מיט אַ געשענדטן בר־מינן, וואָס ער האָט אויפן וועג דערמאָרדעט.

אַ געלע לאַטע אויסגעברענט איז אויף דעם מת,
מיט שטיקער פלייש – די טאַשן אויסגעריסן – הוילע.
ער האָט פון לאַנג שוין ניט געהאַט אַזעלכע פעטע קעסט –
באַלעקט זיך, פרעסנדיק אין וועג, דער גאַווערדיקער גולם.

די ליפּן רודערן שווער אין בלוט פאַרפּלעקט
צום ליבנסווירדיקן הער גאָט פאַר הילף און ראַט געהיימען.
ער גייט, ער גייט, ער גאַוועוערט און ער גרעפּצט,
און עס פאַלט אים אָן אַן אומעט און אַן אימה.

די לאַטע שטעלט זיך אים אין האַלדז. זי קריכט ניט דורך.
ער כריפּעט שוין, ער ווערט פון איר דערוואָרגן.
ער וועט נאָך קומען צו דיין שוועל. צי ווייסטו ניט אַזאַ מין שפּרוך –
די לאַטע אויסברעכן זאָל ער אין איינעם מיטן גאָרגל!

הוֹלֵךְ הַגֹּלֶם־הַמִּפְלָץ עִם הַקַּרְדֹּם
עַל פְּנֵי הַמְּקֻדָּשִׁים מִקֶּדֶם, לְחַדֵּשׁ הַסֵּדֶר.
עַל גַּב־קוֹפִים שֶׁלּוֹ יָנוּעַ שַׂק גָּדוֹל,
בּוֹ בַּר־מִנָּן, שֶׁהוּא רָצַח־חִלֵּל בַּדֶּרֶךְ.

מִכְוָה שֶׁל טְלַאי צָהֹב צְרוּבָה בְּגוּף הַמֵּת,
בִּתְרֵי־בָשָׂר חַיִּים – כָּל הַכִּיסִים נֶעֶקְרוּ.
מִזְּמַן כְּבָר לֹא הָיָה לוֹ מָזוֹן שָׁמֵן בֶּאֱמֶת –
בְּזָלְלוֹ בַדֶּרֶךְ, מִתְלַקֵּק הַגֹּלֶם, רָר הוּא.

שְׂפָתָיו הַמֻּכְתָּמוֹת בְּדָם מְגַלְגְּלוֹת אֶל חֵיק
"הֶר גּוֹט" אָדִיב תּוֹדָה בִּשְׁבִיל עֵצָה וָעֵזֶר.
הוֹלֵךְ, הוֹלֵךְ. הוּא רָר, שׁוֹהֵק, גּוֹהֵק,
פִּתְאֹם תִּפֹּל עָלָיו אֵימָה אֵין פֵּשֶׁר.

הַטְּלַאי נִתְקַע לוֹ בַּגָּרוֹן.נִשְׁמָע מִין רַחַשׁ.
כִּמְעַט נֶחְנַק, הוּא מִתְנַשֵּׁם וּמְחַרְחֵר עוֹד.
יָבוֹא עוֹד אֶל סְפֵק. אוּלַי תֵּדְעִי מִין לַחַשׁ,
שֶׁיַּחַד עִם הַטְּלַאי יָקִיא אֶת הַגַּרְגֶּרֶת.

כד

מיט טענץ, מײַן הימלאָזע, פֿאַרטויב עס און פֿאַרטרינק עס,
זאָל אים די בראָך פֿאַרפֿאָלגן ביזן צענטן דור.
פֿאַרשריבן װערן מער ניט זײַן ס׳וועט אין קיין פּינקס
און אײַנלייגן ניט קאָנען ס׳וועט זיך אין קײַן װאָרט.

עס אײַלט שוין מיט באַגין דער העלער אין דער פֿרי זיך
און װינטן װעקן אויף די װַייט מיט געהוד.
ס׳וועט אויף זײַן לײַב זיך אויסקריצן מיט בלויזע שפּיזן
און אויף זײַן הויט פֿאַרשריבן װערן ס׳וועט מיט בלוט.

אַ יעדער באַרג מיט שטיינער אויפֿגעוויגטע װאַרט שוין
און ים בײַ ים אויף אַ פֿאַרפֿלייצונג פֿרעגט.
ס׳וועלן זיך קברים אויפֿהייבן פֿון ראָטערדאַם ביז װאַרשע,
ס׳וועלן זיך קברים אויפֿהייבן פֿון יעדן אָפּגעמעקטן װעג.

קיין פּינקס אויפֿשטעלן װעט קיינער ניט אומשטאַנד זײַן,
מיט יענעם פּיין און טרויער װי געוועזן איז.
זאָל ניט פֿאַרגיין דער װיי אין אָפּהילך פֿון דײַן טאַנצן,
מען דאַרף עס אויסלייענען אין דײַנע װאַנדעראָוונע פֿיס!

## כד

בְּתִי, הַחֲרִישִׁי בְּשִׁכְרוֹן־רִקּוּד הָאֵבֶל.
יִרְדֹּף אוֹתוֹ הַשֶּׁבֶר עַד דּוֹר תְּשַׁע וְעֶשֶׂר.
לֹא יִכָּתֵב בְּשׁוּם פִּנְקָס הַסֵּבֶל,
וְלֹא יוּכַל בְּשׁוּם דִּבּוּר לְהִמָּסֵר.

כְּבָר אָצָה בְּחִדּוּשׁ בְּרֵאשִׁית בְּהִירוּת הַשַּׁחַר,
וְהָרוּחוֹת יָעִירוּ מֶרְחַקִּים בְּיִלְלוֹתָם.
זֶה יֶחָרֵת עֲלֵי גוּפוֹ בְּכִידוֹנִים נִשְׁלָפוּ,
זֶה יִכָּתֵב עֲלֵי עוֹרוֹ בְּדָם.

בַּאֲבָנִים מְגֻלְגָּלוֹת כְּבָר מְחַכֶּה כָּל הַר שָׁם,
וְיָם אֶל יָם קוֹרֵא כְּבָר לַמַּבּוּל.
קְבָרִים יִתְרוֹמְמוּ מֵרוֹטֶרְדַּם עַד וַרְשָׁה,
קְבָרִים יִתְרוֹמְמוּ מִכָּל דְּרָכִים נִמְחוּ.

לֹא יְהִי בְּכֹחַ אִישׁ לַעֲרֹךְ פִּנְקַס־הַשֶּׁבֶר,
לֹא יְצֻיְּרוּ הָעִנּוּיִים, הַמַּכְאוֹבוֹת.
אַךְ לֹא יָשֹׁךְ בַּהֵד שֶׁל רִקּוּדֵךְ הַסֵּבֶל,
הוּא יִקָּרֵא מִתּוֹךְ רַגְלַיִךְ הַנָּעוֹת־נָדוֹת!

כה

– נו, קלאַפּ אים אויס, דעם הייסן מאַדריגאַל,
דורך דײַנע פיס זאָל גאָרניט זײַן פאַרלייקנט!
זי ברענט אויף דיר, דעם גולמס געלע גאַל,
וואָס ער, פון בלוט אַ שיכורער, האָט אויסגעמייקעט.

באַדאַנק אים, היימלאָזע, באַדאַנק אים פאַר דער גאָב,
ער האָט דאָך מער אויף זײַן פאַרמעגן ניט געהאַט דאָך.
דו האָסט פאַר נאַכטלעג אים באַצאָלט דײַן גרײַזן קאָפּ
און ער האָט צוגעדעקט דיך מיט אַ געלער לאַטע.

וואָס קומט אים נאָך אַרויס צום חשבון פאַר דעם נאַכטלעג?
דעם קלומעק צוגערויבט האָט ער נאָך פון פאָראויס.
דאָס ברויט פון טאָרבע אויפגעפרעסן – פאַרטיק,
ווי ניט געוועזן און – אויס,

און – קוויט!
אַ גוטן טאָג! פאַרשטופּט ביז לעצט דאָס מויל אים!
איז וואָס זשע ציילט ער ווייטער דײַנע טריט?
וואָס נאָך פאַרלאַנגט פון דיר דער גולם?

## כה

וּבְכֵן, נַקְשִׁי, נַקְשִׁי בְּלַהַט אֶת הַמַּדְרִיגָל,
הֵן לֹא יַכְחִידוּ שׁוּם דָּבָר רַגְלַיִךְ.
אוֹתָךְ יְצָרֵב זֶה צֹהַב מְרֶרֶת־פִּגּוּל,
אֲשֶׁר הַגֹּלֶם־הַמִּפְלָץ, שִׁכּוֹר מִדָּם, הֵקִיא מִן הַמֵּעַיִם.

הוֹדִי לוֹ, בַּת בְּלִי בַיִת, הוֹדִי עַל הַמַּתָּת לוֹ,
הוּא לֹא יוּכַל לָתֵת רַב־יֶתֶר. אֵין לוֹ דַי.
בִּשְׁבִיל הַיְצוּעַ בְּרֹאשֵׁךְ הַשָּׂב פָּרַעַתְּ לוֹ,
וְהוּא כִסָּה אוֹתָךְ בְּצֹהַב טְלַאי.

מָה עוֹד מַגִּיעַ לוֹ בִּשְׁבִיל הַיְצוּעַ?
אֶת תַּרְמִילֵךְ מִקֹּדֶם כְּבָר לָקַח שָׁלָל.
זָלַל הַלֶּחֶם מִתּוֹכוֹ — כְּלָהוּ,
כְּלֹא הָיָה — חֲסַל.

וְהַחֶשְׁבּוֹן סֻלַּק!
דּוֹמֶה שֶׁפִּיו נִסְתַּם עַד אֵלֶם!
וּבְכֵן מַדּוּעַ יִתְחַקֶּה עַל צְעָדַיִךְ?
מָה עוֹד יִתְבַּע זֶה הַמִּפְלָץ־הַגֹּלֶם?

כו

דאָס האַרץ? דעם מאַרך? ער, ווי אַ שלאַנג האָט ביז דער טיפסטער טיף
זיי אויסגענאָגט און אויסגעבראָכן צריק, ווי ניט פאַרדייעטע געקעכצן.
דאָס איינציקע, וואָס טראָגט דער שלאַנג אין דר׳הויך, איז נאָר זַיין גיפט,
דעם איבעריקן איז באַשערט צו וואַלגרן אויף דר׳ערד זיך.

ער וועט ניט אויפהייבן זיך העכער פונעם קבר־גראָז,
וואָס אונטער דעם — די זיגן זַיינע מערן זיך און מערן.
אַהין וועט ער מיט שווערד זיך קומען אויסקלינגען דעם ראָסט
און שפַייזן אין דער פינצטער זיך אין איינעם מיט די ווערעם.

און אויסמעסטן מיט זיי זיך אין דער גרעב,
און אין דעם גראַד און אין דעם גיר, און אין דעם עקל.
אַלץ איינס, צי ער האָט דיר אַ לאַטע צוגעקלעפּט,
אָנשטאָט די שאַנד די אייגענע מיט איר פאַרדעקן.

נו, טו זיך אָן, מַיין היימלאָזע, און זיך פון זין ניט ריר,
אַ דאגה דיר מיט וואָס ס׳פאַרדעקן זיך באַנומענע און הוילע.
ס׳וועט אפשר נאָך אַ מאָל דיר אויסקומען מיט איר,
ווי אין אַן אָקסנשלאַכט זיך פעכטן קעגן גולם!

## כו

הַלֵּב? הַמֹּחַ? כְּנָחָשׁ מָצַץ אוֹתָם עַד תֹּם
וֶהֱקִיאָם כְּתַבְשִׁילִים אֲשֶׁר לֹא נִתְעַכְּלוּ.
רַק אֶת אַרְסוֹ בִלְבַד נוֹשֵׂא נָחָשׁ בָּרוֹם
וְכָל הַשְּׁאָר עַל־פְּנֵי הָאָרֶץ מִזְדַּחֵל הוּא.

מֵעֶשְׂבֵי־קְבָרִים הוּא לֹא יֵרוֹם עַתָּה,
נִצְחוֹנוֹתָיו יִרְבּוּ לְאֵין שִׁעוּר מִתַּחַת.
לְשָׁם יָבוֹא עִם חֶרֶב לְהַקִּישׁ חֲלֻדָּתָהּ,
וּבְמַּחְשָׁךְ יִזּוֹן עִם תּוֹלָעִים בְּיַחַד.

וְהוּא יִמְדֹּד עַצְמוֹ לְעֻמָּתָם בָּעֹבִי
וּבְשִׁעוּר הָרַעַבְתָנוּת וְגַם בַּגֹּעַל.
וּמָה אִם הוּא הִדְבִּיק לָךְ טְלַאי צָהֹב,
וְלֹא כִסָּה בוֹ אֶת קְלוֹנוֹ־נִגְעוֹ הוּא!

וּבְכֵן, לִבְשִׁי הַטְּלַאי, בִּתִּי, וְאַל תֵּצְאִי נָא מִן הַדַּעַת,
מָה אִכְפַּת לָךְ מַה יַּעֲטוּ מְבֻלְבָּלִים וְחַסְרֵי־כֹל
אוּלַי נוֹעַד לָךְ עוֹד לְהֵאָבֵק אֵי־פַּעַם
עִם זֶה הַטְּלַאי, כְּמוֹ בִקְרַב־פָּרִים מוּל הַמִּפְלָץ־הַגֹּלֶם!

כז

ניט שווער זאָל זי דיר זײַן, די געלע לאַטע,
ניט שעם זיך היימלאָזע, מיט די צעלאָסטע האָר!
גיי גלײַיך, ווי ס׳איז געגאַן דײַין זיידע און דײַין טאַטע,
דערקאָנען וועלן דיך די וועגן פון קאַיאָר.

דערקאָנען וועלן דיך די קרײַיצוועגן, מײַין ליבע,
וואָס איבער זיי – דעם קאָפּ פאַרהויבן שטאָלץ –
קעגן דער פינצטערניש געגאַנגען איז עקיבא
און זײַן ווײַיטסטע אָפּשטאַמען – פאַרהאַרטעוועט ווי שטאָל.

דער גולם גייט דיר נאָך. עס שטימט ניט אַקוראַט דאָ
דער אַלטער חשבון אין זײַן מאַלפּישן געהיר.
באַצאָלן נאָך עפּעס דו דאַרפסט אים פאַר דער געלער לאַטע –
ער האָט דאָך צוויי יאָרטויזנט געקלערט אויף איר.

ער האָט מיט הענט מיט זײַנע עפּעס אַנדערש ניט געזייט דאָך,
ער האָט דאָך בלויז פון פרעמדער מי געשניטן און געשפּאָרט.
גיי גלייך, מײַין היימלאָזע, ווי ס׳איז געגאַן דײַין טאַטע און דײַין זיידע,
דערקאָנען וועט אַ יעדער וועג דיך פון קאַיאָר.

כז

הַטְּלַאי הַצָּהֹב הַזֶּה אַל נָא יַכְבִּיד עָלַיִךְ,
אַל נָא תֵבוֹשִׁי, בַּת בְּלִי בַיִת, בְּשְׂעָרֵךְ פָּרוּעַ.
כְּמוֹ סָבֵךְ וּכְמוֹ אָבִיךְ הַיְשִׁירִי לֶכֶת,
דַּרְכֵי הַשַּׁחַר יַכִּירוּךְ.

וְיַכִּירוּךְ כָּל פָּרָשׁוֹת־דְּרָכִים, הוֹ אֲהוּבָה,
שֶׁעַל־פְּנֵיהֶם יָצָא לִלְחֹם עִם אֹפֶל
בְּרֹאשׁ גֵּאֶה־זָקוּף רַבֵּנוּ עֲקִיבָא,
וְצֶאֱצָאָיו הָרְחוֹקִים, מְחֻשָּׁלִים כְּפֶלֶד.

הַגֹּלֶם־הַמִּפְלָץ אַחֲרַיִךְ. בְּמֹחַ זֶה שֶׁל קוֹף
חֶשְׁבּוֹן יָשָׁן־נוֹשָׁן לֹא נִתְמַצָּה עֲדַיִן.
מַגִּיעַ לוֹ עוֹד מַשֶּׁהוּ בְּעַד טְלַאי צָהֹב,
הֵן הוּא חָשַׁב עַל כָּךְ שָׁנִים אַלְפַּיִם.

בְּמוֹ יָדָיו הוּא לֹא זָרַע שׁוּם זֶרַע,
הוּא רַק מְעֻמְלָם שֶׁל אֲחֵרִים קָצַר, חִסֵּךְ.
אֲמוּלָתִי, כְּמוֹ סָבֵךְ וּכְמוֹ אָבִיךְ צְעָדִים גַּבֵּרִי,
כָּל דֶּרֶךְ שֶׁל הַשַּׁחַר מַכִּירֵךְ.

כח

וועסטו נאָך ווידער ווען עס איז, מַיין היימלאָזע, אַ פּלי טאָן?
איז נאָך פאַראַן אַ וועג וואָס ווייסט ניט פון דַיין ווינד און וויי?
געעפנט האָט זיך ווי אַן אַלטער ספר בריסק דליטא
און ס׳קומען מענגעס אָנגעלאָדענע מיט טרויער און געוויין.

צו פוס, געהויקערטע, מיט קינדער אויף די הענט.
די בערד — אין דר׳הויך; די ריכטונג — לויט די שטערן.
דער גלות — יינגעקנופּט מיט גאַרטלען צו די לענד,
אויף חַקירה רַייסן זיך די פאַאָרמעטענע שטערן.

בַיי שטיקלעך צאַנקענדיקן ליכט די מַיילער זיך דערוואַרעמען,
זיך אויסגעזעצט זיי האָבן ווי צו שבעה אויף דער ערד.
און ווינטן וואָיען: — ווער וועט זיך אויף זיי דערבאַרעמען?
און אַלע וַוייל לויפט דורך אַ שטערן ווי אַ שווערד.

פון בוג דעם טַייך אַ זאַווערוכע בושעוועט אַ דולע,
פאַרווישט אַ יעדן טראָט דאָרט, שמייסנדיק מיט שניי.
נאָר אויף געבויגענע מנורות פון די ביאַליסטאָקער שולן
דעם גלות גלַייך ווי פידלען אויפגעהאָנגען האָבן זיי.

## כח

הֲשׁוּב אֵי־פַּעַם, בַּת בְּלִי בַיִת, לְהַמְרִיא תַחְלִיטִי?
הֲיֵשׁ עוֹד דֶּרֶךְ, תְּלָאוֹתַיִךְ לֹא תֵדַע?
הַבִּיטִי, נִפְתְּחָה כְּסֵפֶר בְּרִיסְק דְּלִיטָא,
וַהֲמוֹנִים יָבוֹאוּ טְעוּנִים בִּבְכִי וּבְתוּגָה.

בָּרֶגֶל, שְׁחוּחִים, וְטַף עַל הַיָּדַיִם.
זְקֵנִים זְקוּרִים, וּלְפִי הַכּוֹכָבִים הַמַּהֲלָךְ.
וְהַגָּלוּת קְשׁוּרָה וּמְקֻשָּׁרָה בְּאֲזוֹרֵי הַחֲלָצַיִם,
לִלְמֹד סוּגְיָה יִשְׁאֲפוּ כָּל מִצְחֵי הַקְּלָף.

לְיַד בִּדְלֵי־נֵרוֹת מְהַבְהֲבִים פִּיּוֹתֵיהֶם יֶחַמּוּ,
כְּמוֹ בְּעֵת שִׁבְעָה יֵשְׁבוּ עֲלֵי אֶרֶץ.
וּמְיַלְּלוֹת רוּחוֹת: מִי יְרַחֵם עָלֵימוֹ?
כָּל רֶגַע יַחֲלֹף כּוֹכָב כְּחֶרֶב.

מִנְּהַר הַבּוּג סוּפַת־טֵרוּף פּוֹרֶצֶת וְהוֹרֶסֶת,
בְּהַצְלִיפָהּ בְּשֶׁלֶג תִּמְחֶה כָּל הַפְּסִיעוֹת.
בְּבְּיַלִיסְטוֹק, עַל מְנוֹרוֹת מְעֻקָּלוֹת שֶׁל בָּתֵּי־כְנֶסֶת,
תָּלֹה תָלוּ אֶת הַגָּלוּת כְּכִנּוֹרוֹת.

כט

אַ ברעקל ברויט בײַ פרעמדע טישן אַ פֿאַרדאַרטס —
שוין וויפל מאָל האָסטו אויף שוועלן זיך געזעגנט?
אַצינדערט אָנגעקומען ביסטו אין מײַן האַרץ,
איך וועל, פֿון וואַנען און וווּהין, בײַ דיר ניט פֿרעגן...

עס טאַנצט אַ דורותדיקע פּײַן פֿון דיר אַרויס,
פֿון דײַנע אַנגלען רײַסט זי וויל איצט אַפֿ דער פֿרײַ זיך.
— ווער האָט באַשיידט, אַז ס׳איז דײַן הפקרער וועג — אויס?
ווער האָט געפּסקנט בײַם געפּאַסעוועטן ווײַסל?

די פּיס געשניטן האָט דער ירדן דיר ווי גלאָז,
און בבלס טײַכן זיך פֿאַרפּלייצט מיט דײַנע טרערן,
און ווען בײַם ריין האָט מען מיט פֿייער דיך געלאָזט
זײַנען ניט אויפֿגעגאַנגען דען פֿאַר דיר די הימלדיקע שטערן?

זאָל איצט מײַן האַרץ דיר ווי אַ נעסט זײַן אויף אַ בוים,
כל־זמן די האַק האָט נאָך דעם בוים ניט אומגעוואַלגערט.
דו דאַרפֿסט נאָך אויסטאַנצן דעם בושה־טאַנץ פֿון סדום,
מײַן הפקרע, מײַן טרויעריקע מלכּה!

## כט

עַל שֻׁלְחָנוֹת זָרִים פֵּרוּר יָבֵשׁ שֶׁל פַּת –
הֵן לֹא אַחַת נִפְרַדְתְּ כְּבָר עַל סַף שֶׁל בַּיִת!
אֶל תּוֹךְ לִבִּי שֶׁלִּי עַתָּה־זֶה בָּאת,
לֹא אֶשְׁאָלֵךְ מֵאַיִן וּלְאַיִן...

בְּרִקּוּדֵךְ דְּוַי דּוֹר־דּוֹרִים מִמֵּךְ נִתָּז
וַחֲלוֹם חֵרוּת מִקַּרְסֻלֵּךְ נִתָּר פָּרוּעַ.
מִי הֶחֱלִיט כִּי דֶּרֶךְ־יִסּוּרַיִךְ תַּם?
מִי כָּךְ גָּזַר עַל נְהַר הַוִּיסְלָה הָרָצוּעַ?

רַגְלַיִךְ נֶחְתְּכוּ כִּבִזְכוּכִית בְּתוֹךְ נְהַר יַרְדֵּן,
בִּכְיֵךְ עַל נַהֲרוֹת בָּבֶל, שֶׁהֱצִיפָם, עַד אַפְסַיִם.
וּכְשֶׁהֶעֱלוּ אוֹתָךְ בָּאֵשׁ עַל נְהַר הָרֵיין,
כְּלוּם לֹא זָרְחוּ לָךְ אָז כּוֹכְבֵי שָׁמַיִם?

יְהִי עַכְשָׁו לִבִּי לָךְ קֵן בְּנוֹף אִילָן,
כָּל זְמַן שֶׁהָאִילָן – קַרְדֹּם לֹא הִפִּילָהוּ.
עָלַיִךְ עוֹד לִרְקֹד מְחוֹל־קָלוֹן שֶׁל סְדוֹם,
הוֹ, מַלְכָּתִי הָאֻמְלָלָה וְהַמְּבֻלַּעַת.

ל

אויף יעדן וועג, ווו מ׳האָט געיאָגט דיך און געטריבן,
פון שטילע טריט דײַנע איך זאַמל דעם פאַרזיי.
איך וועל אין גאַרבן זיי צונויפבינדן אין טריבע
און אָנטאָן פריילעך אויף די אַקסל וועל איך זיי:

— אָט דאָס פאַרמאָג איך פאַר יאָרטויזנטיקע דאגהן,
נאָר דײַנע בליצנדיקע פיס אויף ווינד און וויי
וועלן ווי פּייקלדיקע פּייקלען זיך צעפּייקלען
און וועלן פּייקלדיקע — פּייקלען וועלן זיי.

אונטער די חרובדיקע נעסטן זיך פאַרלייג איך,
דעם אַיינגעשלאָפענעם דעם ווײַ דײַנעם איך וועק.
איך וועל זיך אויסלערנען די לידער פון די פייגל
און דיך פאַרוויגן אויף אַן אומבאַקאַנטן וועג:

— כ׳פאַרמאָג מער גאָרנישט ניט, מײַן היימלאָזע, מײַן מידע,
נאָר דײַנע הענט, וואָס האַלטן אַיין אַזאַ געשריי
וועלן ווי פידלדיקע פידלען זיך צעפידלען
און וועלן פידלדיקע — פידלען וועלן זיי.

ל

בְּכָל דֶּרֶךְ, בָּהּ אוֹתָךְ רָדְפוּ, הֵרִיצוּ,
מִפְּסִיעוֹתַיִךְ אֶאֱסֹף אֶת הַמִּזְרָע,
וַאֲאַלֵּם לִי אֲלֻמּוֹת שֶׁל עֶצֶב
וּבְרִנָּה אוֹתָן עֲלֵי כְּתֵפַי אֶשָּׂא.

וִיהִי לִי זֶה בְּעַד אַלְפֵי שְׁנוֹת עַגְמַת־נֶפֶשׁ.
אֲבָל רַגְלַיִךְ, הַבּוֹרְקוֹת עַל צוֹק וּכְאֵב,
כְּמוֹ תֻּפִּים מְתוֹפְפִים עוֹד תְּתוֹפֵפְנָה
וְתֻפִּיּוֹת תּוֹסֵפְנָה לְתוֹפֵף.

מִתַּחַת לַקָּנִים הַחֲרֵבִים אֶרְבַּץ, אֶחֱזֶה מַר,
מִכְּאוֹב נִרְדָּם שֶׁלָּךְ אָעִיר וַאֲעוֹרֵר.
אֶלְמַד אֶת שִׁירָתָן שֶׁל צִפֳּרֵי הַזֶּמֶר
וּבְדֶרֶךְ עֲלוּמָה אֲעַרְסְלֵךְ וַאֲשׁוֹרֵר.

שׁוּב אֵין לִי כְלוּם, אֻמּוּלָתִי לֵאָה, חִוֶּרֶת,
אֲבָל יָדַיִךְ, הָעוֹצְרוֹת צִוְחַת־הֶפְקֵר,
כְּכִנּוֹרוֹת הַמְכַנְּרִים עוֹד תְּכַנֵּרְנָה,
וְכִנּוֹרִיּוֹת תּוֹסֵפְנָה לְכַנֵּר.

## לא

אָן אַ היים און אָן אַ דאַך, און אָן אַ וועג,
אָן אַן אָנלען, אָן אַ טרייסט און אָן אַ לשון,
נאָר גאָרע ערד ווערט פון די טריט דַיינע דערוועקט
און דַיינע דאָרשטן – ניט געשטילט און ניט געלאָשן.

אַ רויטער וואַלד אויף דַיינע אַקסלען זיך פאַרלירט,
ווי כוואַליעס פייער אין אַ שׂריפה – אויסגעבויגן.
אויף אַזאַ פייער האָט געבענטשט מַיין מאַמע ליכט,
מיט פינגער צוגעדעקט די וויינעדיקע אויגן.

איז טראָג זיך, טראָג איבער דעם אָפּגרונדיקן ראַנד.
ס'באַקלאָגן ווינטן דיך אויף טרויעריקע פלייטן.
דו דאַרפסט נאָך אויסטאַנצן אַ דורותדיקע שאַנד,
דו דאַרפסט נאָך אויסטאַנצן אַ דורותדיקע ווייטאָק.

דער טאָג, צעבויטעט, ווי אַ זאַק איז אויף דַיין לַייב,
איבער דַיין קאָפּ – די האַק און קרייץ זענען צעפּעכערט.
ניטאָ די שווערד וואָס האָט אויף דיר זיך ניט געשלַייפט,
ניטאָ די שווערד וואָס וועט אויף דיר זיך ניט צעברעכן!

## לא

בְּלִי בַיִת, בְּלִי גַג, בְּלִי דֶרֶךְ,
בְּלִי מִשְׁעָן, בְּלִי תַנְחוּמִים, בְּלִי לָשׁוֹן,
אַךְ כָּל הָאָרֶץ מִצְּעָדַיִךְ מִתְעוֹרֶרֶת
וְצִמְאוֹנַיִךְ – לֹא רָווּ, לֹא כָבְתָה אִשָּׁם.

עֲלֵי כְתֵפַיִךְ יַעַר אַדְמוֹנִי יֹאבַד,
כִּלְשׁוֹנוֹת שֶׁל אֵשׁ־דְּלֵקָה נִטָּיו.
עַל אֵשׁ כָּזֹאת בֵּרְכָה אִמִּי נֵרוֹת־שַׁבָּת,
בְּאֶצְבָּעוֹת כִּסְּתָה עֵינֶיהָ שֶׁדָּמָעוּ.

וּבְכֵן, הִנָּשְׂאִי, הִנָּשְׂאִי עַל פִּי הַתְּהוֹם.
רוּחוֹת מְקוֹנְנוֹת עָלַיִךְ בַּחֲלִילֵי הָעֶצֶב.
עָלַיִךְ עוֹד לִרְקֹד חֶרְפַּת־דּוֹרוֹת עַד תֹּם,
כְּאֵב־דּוֹרוֹת עָלַיִךְ עוֹד לִרְקֹד בְּקֶצֶב.

הַיּוֹם, כְּשַׂק פָּרוּעַ, אֶת גּוּפֵךְ עוֹטֵף,
עֲלֵי רֹאשֵׁךְ צְלַב־קֶרֶס יִתְרוֹצֵץ.
אֵין חֶרֶב לֹא לֻטְּשָׁה עָלַיִךְ לְעוֹפֵף,
אֵין חֶרֶב בָּעוֹלָם, עָלַיִךְ לֹא תֻתַּץ!

לב

וועט דען מַיין האַרץ מַיין איינציקס זַיין געַנוג
אויף אויסוויינען דעם וויי, אויף אויסטעהנען די טענה?
איך האָב געהערט ווי ס׳האָט געוויינט אויף דיר דער בוג,
ווען האָסט געטאַנצט פאַר די וואָס האָבן דיך געפּייניקט.

— אַ פריילעכס! — האָבן זיי באַפוילן צו דעם ווינט,
און דַיינע וואַנדער־פיס געמאָרדעוועט זיי האָבן בייזע.
דער פראָסט האָט ווי אַ בַייטש זיי, ווי אַ פּראָסטיקע געדינט
און ווי דאָס וַוייסע משוגעת געוואָרפן האָט דער שניי זיך.

פון מַיינע אויגן טרעט ניט אָפּ דער בלאָנדזשענדיקער צוג
און די אַרויסגעזעצטע אויגן מיט פאַרקילטע טרערן.
ווער האָט געזען ווי ס׳האָט די נאַכט געטראָגן דיך פאַרצוקט
אין בליאַסקענדיקע ציין פון אומפאַרשעמטע שטערן?

וועט דען מַיין ליבע דיר באַצאָלן פאַר דעם פַּיין?
און אויסזינגען דעם וויי וועט דען מַיין האַרץ אומשטאַנד זַיין?
ביז ס׳וועט מיט פלאַם און שטיין דער הימל זיך באַשפַּייען,
ביז אינעם טויטן־טאַנץ וועלן זיך שטעט בַיי זיי צעטאַנצן.

## לב

הַאִם יוּכַל לִבִּי בִּלְבַד בְּלֹא לָפוּג,
לִבְכּוֹת בִּכְיֵךְ, לִטְעֹן טַעֲנוֹתַיִךְ.
אֲנִי שָׁמַעְתִּי תַּאֲנִיַּת נְהַר הַבּוּג,
כַּאֲשֶׁר חוֹלַלְתְּ לְמַעַן מְעַנַּיִךְ.

– אַ פְּרֵיילֶכְס! עַל הָרוּחַ הֵם פָּקְדוּ בְּקוֹל,
וּבְרַגְלֵי הַנְּדוֹד שֶׁלָּךְ בְּזַעַם הִתְעַלְּלוּ.
הַכְּפוֹר כְּפוֹרִית שֵׂרְתָם כְּמוֹ פַּרְגּוֹל
וּבְמִין טֵרוּף שֶׁל לֹבֶן הִשְׁתּוֹלֵל הַשֶּׁלֶג.

לֹא סָר עוֹד מֵעֵינַי מַרְאֶה מַסָּע לַעֲיֵפָה,
דְּמָעוֹת מְצֻנָּנוֹת בְּתוֹךְ עֵינַיִם שֶׁתָּפָחוּ.
מִי עוֹד רָאָה אֵיךְ לַיִל נִשְׂאָךְ טְרוּפָה
בְּשִׁנַּיִם מַבְהִיקוֹת שֶׁל כּוֹכְבֵי־שַׁחַץ?

הַתְהִי אַהֲבָתִי לָךְ שִׁלּוּמִים לַסֵּבֶל?
הַאִם יוּכַל לִבִּי לָשִׁיר כָּל הַדְּאָבָה עוֹד?
עַד שַׁחַק יִתְכַּסֶּה בְּרֹק שֶׁל אֵשׁ וָאֶבֶן,
עַד עָרֵיהֶם תְּרַקֵּדְנָה אֶת מְחוֹל הַמָּוֶת.

לג

פאַרוויג אים טאַנצעדיק, דעם נע־ונד,
פאַרשלעפער שטיל אים אויף די וועגן.
מיט אַלץ געזעגנט האָסטו דו זיך וואָס האָסט געהאַט
און איצט מיט אים אַליין זיך אויך געזעגן.

געזעגן טאַנצדיק זיך – אַקוראַט.
עס מאַכט ניט אויס וואָס הויל די פיס דַיינע זיך דרייען.
אויף ביימער גרין זַיין אַ בזיון איז דעם בלאַט
און מיט דער וַוייסקַייט וואַרגן זיך אויף דר׳ערד די שנייען.

צום פאָך פון דַיינע טריט פון וַוייטן איך פאַרנעם
און יעדער גיט עפּעס אין האַרץ אַזאַ מין שטילן רוים מיר:
– אויב מיטנעמען דעם ווינט דיר ווילט זיך – נעם!
ס׳וועט קלעקן האַרץ. פאַראַן גענוג זַיינען דאָרט רוימען!

ער שלאָפט ניט איין דער נע־ונד,
ער ווײנט ווי ס׳וויינט אין מיטן נאַכט אַ רעגן.
איז זאָל ער וויינען. האָסט מיט אַלץ געזעגנט זיך וואָס האָסט געהאַט
און איצט מיט אים אַליין זיך אויך געזעגן!

לג

עַרְסָלִיהוּ בְּמָחוֹל, אֶת הַנָּע־וָנָד,
וּבַדְּרָכִים אַף הַרְדִּימִיהוּ חֶרֶשׁ.
מִכָּל מַה שֶּׁהָיָה לָךְ אַתְּ נִפְרַדְתְּ
עַתָּה עוֹד אַף מִמֶּנּוּ תִּפָּרֵדִי.

רוֹקֶדֶת הִפָּרְדִי – זֶה לָךְ הַחֹק!
וְלֹא אִכְפַּת כְּלָל שֶׁרַגְלַיִךְ חֲשׂוּפוֹת תִּסֹּבְנָה.
עַל אִילָנוֹת בּוּשָׁה הִיא לֶעָלֶה לִהְיוֹת יָרֹק
עֵת שֶׁלֶג עַל הָאָרֶץ יִתְלַעְלַע בְּלֹבֶן.

תְּנוּפַת פְּסִיעוֹת שֶׁלָּךְ מִמֶּרְחַקִּים אֶקְלֹט
וְכָל פְּסִיעָה בְּתוֹךְ לִבִּי בַּלָּט לוֹחֶשֶׁת:
– אִם תִּשְׁתּוֹקֵק לְטֹל עִמְּךָ הָרוּחַ – טֹל!
לִבְּךָ יוּכַל לוֹ. מֶרְחָבִים לָרֹב הֵן יֵשׁ בּוֹ.

לֹא יֵרָדֵם הַנָּע־וָנָד.
כִּבְכוֹת בְּאִישׁוֹן־לֵיל הַגֶּשֶׁם, כֵּן יִבְכֶּה בְּרֶטֶט.
יִבְכֶּה אֵפוֹא. עִם כָּל מַה שֶּׁהָיָה לָךְ אַתְּ נִפְרַדְתְּ,
עַתָּה עוֹד אַף מִמֶּנּוּ תִּפָּרֵדִי.

לד

— אַ ווּעמען נאָך וואָלסטו זיך מיטנעמען געוואָלט? — פּאַרטרוי.
וואָס וואָלסטו נאָך פאַרלאַנגט צו מיר אין האַרץ ברענגען?
בליט דען אַ בוים אין פרילינג פון דער זון און טוי
ווי ס׳בליט מַיין האַרץ פון דאָרשט און פון בענקען?

דער ים האָט אויסגעשפּרייט זַיין בלויע פלאַך,
אַ יעדעס וואָלקנדל פון הימל האָט דער ווינט פאַרטריבן,
און שטערן ברענען אַזוי העל בַיינאַכט,
זאָלסט זיך מיר קאָנען אויסדוכטן, מַיין ליבע.

ניט קַיין געברום איך הער פון ימעדיקער טיף,
ניט מיט גערויש צו ברעגן רַייסן זיך די כוואַליעס;
זיי וועקן מיך, זיי רופן מיך, ווען ס׳גייט פאַרביי אַ שיף:
צי כ׳וואָלט צום ברעג אַרויסגיין ניט געווען קיין בעלן?

אוודאי! שוין! קיין רגע כ׳וועל ניט אַייען.
קיין ווינט אין פעלד דעריאָגן ט׳מיך ניט קאָנען.
נאָר ס׳גייט די שיף ערגעץ אַדורך פאַרבַיי
און גאָרניט מער. דעם ראַנד פון הימל רירט זי אָן נאָר...

לד

– אֶת מִי תִּרְצִי לָקַחַת עוֹד עִמָּךְ? – גַּלִּי.
מָה עוֹד תֹּאבִי הָבֵא לִי לִלְבָבִי לְאֹסֶף?
מִטַּל וָשֶׁמֶשׁ בָּאָבִיב הַאִם יִפְרַח אִילָן,
כִּפְרֹחַ לְבָבִי מִצִּמָּאוֹן וָכֹסֶף?

פָּרַשׂ הַיָּם מִשְׁטָח נִרְחָב שֶׁל כְּחוֹל,
הָרוּחַ כָּל עָנָן קַלִּיל גֵּרְשָׁהּ,
וּבִבְהִירוּת דּוֹלְקִים כּוֹכְבֵי הַלֵּיל
שֶׁתִּצְטַיְּרִי בְדִמְיוֹנִי, אֲהוּבַת־נֶפֶשׁ.

מִמַּעֲמַקֵּי הַיָּם לֹא אֶשְׁמְעָה הֶמְיָה,
הַמִּשְׁבָּרִים לַחוֹף בְּרַעַשׁ לֹא יִפְרֹצוּ;
יְעִירוּנִי, יִקְרְאוּ לִי, בַּעֲבֹר רַק אֳנִיָּה:
הַאִם לָצֵאת הַחוּפָּה לֹא אֶחְפֹּצָה?

וַדַּאי! מִיָּד! אַף רֶגַע לֹא אֶשְׁהֶה,
לֹא יַדְבִּיקֵנִי רוּחַ בְּשׁוּם אֹפֶן.
אֲבָל הָאֳנִיָּה עוֹבֶרֶת אֵי־בָזֶה,
וְלֹא יִקְרֶה דָבָר. נוֹגְעָה הִיא אַךְ בָּאֹפֶק.

## לה

ניט אָפּגעשטעלט האָט זיך די שיף בײַם ברעג,
עס איז קיין שיף, מיר דוכט, אין גאַנצן ניט געווען גאָר.
עס איז נאָר טרויעריק און זיס געווען דער וועג,
בכבוד גדול וואָלט איך אים אַזוי פאַרלענגערט.

ס׳וועט אפשר אויסדוכטן מיר דאָך,
אַז אויפגעעפנט האָט צווישן די שטערן זיך אַ האַפן.
איך ווייס: ניט בײַ דעם הימל־ראַנד, ניט דאָרט
באַגעגענען זיך, ליבסטע, מיר באַדאַרפן...

ס׳מוז אַ געפיל בײַ פייגל זײַן אַזאַ,
ווען זיי באַגעגענען זיך אויף דער פרײַ דאָרט,
אַז ווי עס זאָל יעדערער ניט זײַן אין וועג פאַרזאַמט,
וועלן שוין איינס דאָס אַנדערע אין ערגעץ זיך ניט מײַדן...

דאָך זיך געזעגענען איז טרויעריק אַזוי,
מיט אַזאַ אומעט דעקן איבער זיך די ראַנדן.
עס גיט מיט ביטערקייט דאָס זיך אַ פאַרזויג
ווען פליגל צו דעם אָפּפלי שפּרייטן זיך פונאַנדער...

# לה

הָאֳנִיָּה בַחוֹף כְּלָל לֹא עָגְנָה.
דּוֹמַנִי, לֹא הָיְתָה כְלָל אֳנִיָּה שָׁם.
אַךְ נָעֲמָה לִי דֶּרֶךְ הָעָגְמָה,
בְּחֵפֶץ־לֵב הָיִיתִי מַאֲרִיכָה שׁוּב.

אֶפְשָׁר שֶׁיִּצְטַיֵּר בְּדִמְיוֹנִי,
כִּי בֵין הַכּוֹכָבִים חוֹף־מִבְטַחִים נִפְתַּח שָׁם.
יָדַעְתִּי: לֹא בִקְצֵה־הָאֹפֶק, אֲהוּבָתִי־נַפְשִׁי,
לֹא שָׁם צְרִיכִים לְהִפָּגֵשׁ אֲנַחְנוּ.

וַדַּאי יֵשׁ חוּשׁ כָּזֶה לְצִפֳּרֵי־כָנָף,
בְּהִפָּגְשָׁן בְּמֶרְחֲבֵי־הַחֹפֶשׁ,
כְּכָל שֶׁתִּתְמַהְמַהּ אַחַת מֵהֶן בִּמְעוּף,
לֹא תִמָּנַעְנָה זוֹ מִזּוֹ בַסּוֹף הֵן.

אַךְ צַר מְאֹד, כֹּה צַר לְהִפָּרֵד,
קַצְוֵי שָׁמַיִם יִתְכַּסּוּ בְעֶצֶב.
טִפָּה מָרָה בַנֶּפֶשׁ תִּזָּרֵק,
כַּאֲשֶׁר לִמְעוּף כְּנָפַיִם תִּפָּרַשְׂנָה.

לו

אין צימער אויסגעלאָשן עמעץ האָט די שײַן,
איך זאָל דיך בעסער זען, מײַן נאָענטע, מײַן װײַטע...
נאָר איך פאַרגין זיך ניט אַזאַ מין זיסן פּײַן –
פאַרריגל איך די אויגן, דאָרשטיק און געלײַטערט.

מיר דוכט זיך אויס, אַז אויף אַ באַרג ערגעץ איך שטײַג,
די אויגן – צו, איך זאָל קײן אָפּגרונט ניט דערקאָנען.
– צי איז אַראָפּפאַלן אויכעט ניט כדאי
פאַר אַזאַ הויך, װאָס איז פאַרזויגן מיט דײַן האָניק?

נאָר יעדער טראָט טראָט אַדורך דער פינצטערניש דערמאָנט,
אַז צוגעבונדן אײנס צו אײנס מיר זײַנען בײדע.
עס ציט דער װעג זיך װי אַן אויסגעשטרעקטע האַנט.
װי גוט עס איז װאָס ס׳קאָן קײן שטרעקע ניט צעשײדן!

עס לאָזט דער אָפּגרונט איצט אין ערגעץ מיך ניט אָפּ,
עס איז די הויך אַלײן פאַרכישופט איצט. פאַרפאַלן!
פאַר װעמען פאַלט איצט אַזוי טרויעריק דײַן קאָפּ,
פאַר װעמען טאַנצטו איצט, מײַן גאָלדענע, די כלה?

## לו

בַּחֶדֶר מִישֶׁהוּ כִּבָּה הָאוֹר בַּשֶּׁלֶט,
שֶׁלִּרְאוֹתֵךְ, קְרוֹבָה וּרְחוֹקָה, אֵיטִיב.
אַךְ נֹעַם זֶה שֶׁל סֵבֶל לֹא אַרְשֶׁה לִי,
עַל כֵּן צָמֵא וּמְטֹהָר עֵינַי אָגִיף.

בְּעֵינַיִם עֲצוּמוֹת, שֶׁלֹּא אַבְחִין בַּתְּהוֹם,
דּוֹמַנִי, אֲטַפֵּס עַל הַר גָּבוֹהַּ.
– הַאִם אַף לֹא כְדַאי לִנְפֹּל מֵרוֹם
כָּזֶה, שֶׁבִּדְבָשֵׁךְ רָווּי הוּא?

אֲבָל מַזְכִּיר כָּל צַעַד בַּמַּחְשָׁךְ,
כִּי זֶה לָזֶה קְשׁוּרִים אֲנַחְנוּ שְׁנֵינוּ.
כֵּיצַד פְּשׁוּטָה הַדֶּרֶךְ תִּתְמַשָּׁךְ,
מַה טּוֹב שֶׁרֹחַק לֹא יַפְרִיד בֵּינֵינוּ!

עַתָּה הַתְּהוֹם מִמֶּנִּי לֹא תַרְפֶּה. הַכֹּל
אָבוּד! הָרוֹם גּוּפוֹ עַתָּה רַב כֶּשֶׁף.
לִפְנֵי מִי, בַּת, יִשַּׁח עַתָּה רֹאשֵׁךְ בְּעֶצֶב כֹּה?
לִפְנֵי מִי תִרְקְדִי עַכְשָׁו, כַּלָּה, בַּחֹשֶׁךְ?

לז

ס׳האָט דער מאַגנאַלי אַרום ים זיך שוין צעוואַקסן
און זײַנע זאַפטן פאַרוואָראָזשען יעדער שוועל.
איך ווייס ניט ווער עס האָט געפּענטעט מײַנע אַקסל,
איך ווייס ניט ווער עס האָט דעם אָטעם מיר פאַרשטעלט.

די ראַנדן רופן מיך, פאַררויטלטע און רונדע,
ס׳גיט יעדער ווינטל עפּעס איבער מיר געהיים.
ווי אין באַלאַגערונג איך גיי, דאַכט זיך, אַרום דאָ,
אַ יעדער וועג קערט אום מיך אַיילינק צריק אַהיים.

און אין דער היים וואַלגערט זיך אַן עמעץ אויף מיר,
ער וועקט מיך אויף און יאָגט אַראָפּ מיך פון געלעגער.
עס הערט ניט קיינער ווי ס׳צעעפּנט זיך די טיר
און ס׳איז אין דרויסן אַזאַ חושך און אַ רעגן...

איך הער, מײַן היימלאָזע, אין רעגן־גאָס דײַן קול,
דײַן שטיל געוויין, דײַן אײַנגעהאַלטענעם, כ׳הער, מײַן ליבע.
ווי איך הער דײַן ריח אינעם בליענדן מאַגנאַל,
ווי כ׳הער די טריט דײַנע אין הרצן מײַנעם, די טריבע...

## לז

סָמוּךְ לַיָּם כְּבָר תְּשַׂגְשֵׂג מַגְנוֹלְיָה
וְעַל כָּל סַף יָטִילוּ עֲסִיסֶיהָ כֶּשֶׁף.
אֵינִי יוֹדֵעַ מִי כָּפַת כְּתֵפַי לִי,
אֵינִי יוֹדֵעַ מִי עָצַר אוֹתִי מִגֶּשֶׁם.

עָגֹל וְאַדְמוּמִי הָאֹפֶק. הוּא קוֹרֵא לִי,
כָּל רוּחַ קַל בַּלָּט לִי מַשֶּׁהוּ יִמְסֹר.
דּוֹמַנִי, כִּבְמָצוֹר פֹּה אֲסוֹבֵב־אֵלֵךְ לִי,
כָּל דֶּרֶךְ חִישׁ הַבַּיְתָה מוֹלִיכָה לַחְזֹר.

קָם מִישֶׁהוּ בַּבַּיִת, עָלַי הוּא מִתְגּוֹלֵל,
מִן הַמַּצָּע הוּא מְקִימֵנִי וּמְגָרְשֵׁנִי.
אֵין אִישׁ שׁוֹמֵעַ אֵיךְ נִפְתַּחַת לָהּ הַדֶּלֶת,
וּמַאְפֵּלְיָה בַּחוּץ וְחַשְׁרַת גֶּשֶׁם...

בְּשֶׁפֶךְ הַמָּטָר, יַקִּירָתִי, אֶשְׁמַע קוֹלֵךְ,
אֶשְׁמַע בִּכְיֵךְ שָׁקֶט־עָצוּר, הוֹ בַּת בְּלִי בַיִת,
אָרִיחַ בַּמַּגְנוֹלְיָה הַפּוֹרַחַת נִיחוֹחֵךְ,
וּבְתוֹךְ לִבִּי אֶשְׁמַע עַצֶּבֶת מִצְעָדַיִךְ.

לח

ביסט וַוייט, מַיין היימלאָזע, ביסט וַוייט, מַיין ליבע,
צי טוסטו איצט ניט אָן צום טאַנץ דַיין כלה־קלייד?
צי דעקט דַיין מולד־לַייב מיט דעם אַצינד זיך איבער
ווי ס׳דעקט אַ הוילע שווערט זיך איבער מיט אַ שייד?

ס׳וועט הַיינט זיך אויפהויבן פון גרונטפעסט דער קאַזבעק,
זַיין קאָפּ זַיין זילבערנער ניט קאָנען וועט באַשיידן,
צי איז אַ ווינט אַ הפקרער פון אים אַוועק,
צי אין דער נידער בושעוועט זַיין בלויער שניי דאָרט?

וועסט אים ניט זען און קיינעם ניט אין דַיין געיעג,
ווען אויסגיין וועסט פון ליבע אויסגעזויגן.
נאָר ס׳וועט די גאַנצע אורוועלט זיין פאַר דיר אַנטפּלעקט,
פאַר די פאַרריגלטע, פאַר דַיינע טרויעריקע אויגן.

און איך וועל זיצן בַיי דעם ברעג פון ים,
מיט שטיינדלעך אָפּרַייבן פון זיך דעם אומעט
און וואַרטן אויף אַ בריוו, דו זאָלסט מיר שרַייבן נישט פאַרזאַמט,
אַז ״נאָך דעם טאַנץ בין איך צו דיר הַיינט ניט געקומען״...

## לח

יַקִּירָתִי, רְחַקְתְּ, עֲקוּרָתִי, רָחַקְתְּ,
הֵן תִּלְבְּשִׁי כָעֵת שִׂמְלַת־כְּלוּלוֹת, הוֹ מְחוֹלֶלֶת!
הַאִם בָּהּ לֹא יִתְכַּס גּוּפֵךְ, כְּחֶרְמֵשׁ־סַהַר דַּק,
כְּהִתְכַּסּוֹת בְּתַעַר חֶרֶב מְעֻרְטֶלֶת?

מִמִּבְצָרוֹ הַיּוֹם יָרוּם לוֹ הַקַּזְבֵּק,
רֹאשׁוֹ, רֹאשׁ כֶּסֶף, לֹא יוּכַל הַכְרֵעַ,
אִם מֶנּוּ רוּחַ מְשֻׁלָּח נִשָּׂא הַרְחֵק,
אִם שֶׁלֶג־כְּחוֹל בָּעֵמֶק מִתְלַהְלֵהַּ?

לֹא תִרְאִיהוּ, לֹא תִרְאִי שׁוּם אִישׁ בְּרִדּוּפֵךְ,
כַּאֲשֶׁר יָפוּג לִבֵּךְ מֵאַהֲבָה צוֹרֶבֶת.
אַךְ כָּל עוֹלַם־בְּרֵאשִׁית לְפָנַיִךְ יֵחָשֵׂף,
לִפְנֵי עֵינַיִךְ מוּגָפוֹת בְּרֹב עַצֶּבֶת.

וַאֲנִי אֵשֵׁב עַל שְׂפַת־הַיָּם לַחֲשֹׁב,
בַּחֲצָצִים מִמֶּנִּי הַתּוּגָה אַשְׁלִיכָה,
וַאֲחַכֶּה לְמִכְתָּבֵךְ. אַל תִּשְׁתַּהִי מִכְּתֹב
כִּי ״אַחֲרֵי הַמָּחוֹל, לֹא בָאתִי הַיּוֹם אֵלֶיךָ״...

לט

נאָר דיך, מַיין פּאַווע, ווי דעם גאָלדענעם קאַיאָר,
וועל איך געוויס זיך וואַרטנדיק דערוואַרטן.
די זון וועט אויפגיין מיטן פלאַם פון דַיינע האָר,
מיט פרישן זאַפרען וועט דער טאָג אַזאַ מין שפּאַר טאָן.

כ׳וועל פאַר דיר אויפלייגן פאַרשפּרעכונגען אַזוי,
ווי שפּייז מען לייגט אויף וועגטקעס פאַר די פייגל,
ס׳זאָל מיט פאַרשיכערונג דיך געבן אַ פאַרזויג
און דיר פאַרגעסן מאַכן אין דַיין וַוייטן וויי־גאַנג...

כ׳האָב ניט קַיין גאָלד אויף אויסשמידן פאַר דיר אַ שטייג,
כ׳וועל פון מַיין האַרץ אַ נעסט נאָר אויסוועבן אין קלאַנגען.
אין פלאַם פון דַיינע האָר אויף גאָרע שטרעקעס וַוייט,
בין איך אַליין ווי אַ שטַייג אַ גאָלדענער געפאַנגען.

ס׳איז שוין קאַיאָר. די פויגל הויבן זיך שוין אויף
מיט אַזאַ גליקלעך־טשוויטשענדיקן האַוועז.
איך לאָז אַנטקעגן דיר אַרויס זיך – באַרג אַרויף.
כ׳וועל דיך דערוואַרטן זיך, מַיין גאָלדענע, מַיין פּאַווע!

## לט

הוֹ דוּכִיפַת שֶׁלִּי, כְּמוֹ לִזְהַב הַשַּׁחַר
לָךְ אֲחַכֶּה וְלִרְאוֹתֵךְ אֶזְכֶּה עוֹד.
עִם לַהַב שְׂעָרֵךְ תְּהִי חַמָּה זוֹרַחַת,
עִם רֵיחַ הַכַּרְכֹּם יְהִי הַיּוֹם בּוֹקֵעַ.

אַנִּיחַ לְפָנַיִךְ הַבְטָחוֹת, כְּמוֹ מָזוֹן
שֶׁבַּמַּלְכֹּדֶת אִישׁ לַצִּפֳּרִים יַנִּיחַ,
כְּדֵי שֶׁיַּחֲלֹף בָּךְ לַהַט שִׁכָּרוֹן
וְאֹרֶךְ דֶּרֶךְ־דְּוַי שֶׁלָּךְ יַשְׁכִּיחַ...

בִּשְׁבִיל לִצְרֹף לָךְ כְּלוּב אֵין לִי זָהָב,
רַק מִלִּבִּי זֶה קַן־צְלִילִים אֶקְלַע לָךְ.
בִּשְׂעָרֵךְ, לְמֶרְחַקִּים גְּדוֹלִים יִלְהַב,
כְּמוֹ בִּכְלוּב־זָהָב אֲנִי עַצְמִי נִלְכַּדְתִּי.

עָלָה הַשַּׁחַר. צִפֳּרִים תְּעוֹרְנָה כְּבָר
בַּהֲמוּלַת צִיּוּץ שֶׁל גִּיל וָאֹשֶׁר.
אֵצֵאָה לִקְרָאתֵךְ בְּמַעֲלֵה הָהָר,
דּוּכִיפַת־פָּז שֶׁלִּי, אוֹתָךְ אֶזְכֶּה לִפְגֹּשׁ עוֹד.

מ

דער ים איז שטיל און העל זַיינען די טעג,
כ׳זע, ווי אַ זעגל־שיף, דיך בלאָנדזשען איבער וועלן,
עס וועט דיך צופירן דער גוטער ווינט צום ברעג
און זיך געזעגענען מיט דיר בַיי גינגאָלדענע שוועלן.

געזעגענען מיט דיר וועט זיך דער ווינט
און זיך צעשיידנדיק וועט ער דיר שטיל פאַרטרויען:
– פאַרבלַייב! פאַרפלאַנץ זיך, ווער פון ס׳ניי באַגרינט,
געזעגן זיך אויף שטענדיק מיטן טרויער!

דאָ איז די ערד אַ יעדערן געטרַיי,
דאָ בליען אויך די אויסגעדאַרטסטע שטאַמען,
דאָ וועט דיר יעדעס בוימל זַיין אַ פרַיינט,
דאָ וועט דיר יעדעס זאַמדל זַיין אַ מאַמע.

דער ים איז שטיל און קרעפטיקער פון וַויין,
כ׳זע, ווי אַ מעווע, דיך אַרומשוועבן בַיי ראַנדן,
– מַיין היימלאָזע, מַיין ליבע, קום אַריין,
די קינדהייט וואַרט אונדז דאָ מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען.

מ

הַיָּם שָׁקֵט וְזַךְ הוּא הָאֲוִיר.
אֶרְאֵךְ כִּמְפְרָשִׂית תּוֹעָה עַל גַּלֵּי־מַיִם,
וְרוּחַ טוֹב אֶל חוֹף אוֹתָךְ יָבִיא
״הֱיִי שָׁלוֹם״ יֹאמַר עַל סַף שֶׁל זְהַב־פַּרְוַיִם.

״שָׁלוֹם״ יֹאמַר לָךְ זֶה הָרוּחַ הֶחָבוּב
וּבְהִפָּרְדוֹ מִמֵּךְ יוֹסִיף בַּלָּט:
– הִשָּׁאֲרִי פֹּה, הִשָּׁתְלִי, הוֹרִיקִי שׁוּב,
וְהִפָּרְדִי מִן הַתּוּגָה לָעַד.

פֹּה אֲדָמָה נֶאֱמָנָה לְכָל יָחִיד,
כָּל גֶּזַע שֶׁיָּבֵשׁ, פֹּה שׁוּב יַפְרִיחַ.
כָּל קָטֹן אִילָן יְהִי לָךְ כָּאן יָדִיד,
וְכָל גַּרְגִּיר שֶׁל חוֹל כְּאֵם יְהִי לָךְ.

הַיָּם שָׁקֵט, הַיָּם חָרִיף מִיַּיִן.
אֶרְאֵךְ, כְּשַׁחַף, רוֹחֶפֶה עֲלֵי חוֹפֵינוּ.
הוֹ בוֹאִי רַחוּמָה, הוֹ בוֹאִי בַּת בְּלִי בַיִת,
בְּצִמּוּקִים וּבִשְׁקֵדִים יַלְדוּת תְּקַבִּיל פָּנֵינוּ.

העץ
אשר
בלא
שנת-
ערה
ישא
משא
של
שגשיג-
פריחה
כטנא:
מוש-
כים
אותו
לכלו-
תו
גזרון
גזרה
צרן
הש-
חוד
בגר-
זינים
לא
יכר-
תנו

